פראָלעטאַריער אַלער לענדער, פֿעראייניגט אייך!

דער אַלגעמ. אידישער אַרבייטערבונד אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.

פרייז: 5 סענט, 2½ פענס, 25 סאַנטים, 25 העלער, 25 פפֿעניג.

**Zu der nationalen Frage**

# צו דער
# נאַציאָנאַלער פראַגע.



אַרויסגעגעבען פֿון

אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד

אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.



זשענעוו.

דרוקעריי פֿון בונד.

Imprimerie Israelite, Rue de Carouge, Geneve, Suisse

דעצעמבער 1905.

HARVARD UNIVERSITY LIBRARY

343

# א י נ ה א ל ט:

פראָלעטאַריער אַלער לענדער, פעראייניגט אייך!
רער אַלגעמ. אידישער אַרבייטערבונד אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.

פרייז: 5 סענט, 2½ פענס, 25 סאַנטים, 25 העלער, 25 פפעניג.

# Zu der nationalen Frage

# צו דער
# נאציאנאלער פראגע.



ארויסגעגעבען פון
אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד
אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.



זשענעוו.
דרוקעריי פון בונד.
Imprimerie Israelite Rue de Carouge, Geneve, Suisse
דעצעמבער 1905.

# צו דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע.

## דער איצטיגער פּאָליטישער מאָמענט און אונזערע נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען.

ציימען בייטען זיך. ווייניג יאָהרען זיינען פֿערביי, זינט דער פֿיערטער צוזאַמענפֿאָהר פֿון בונד האָט אַרויסגעשטעלט דעם פּרינציפּ פֿון נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע. גאַניץ איינזאַם זיינען מיר יענסמאָל געשטאַנען אין דיזער פֿראַגע. אין דעם שטעהענדיגען זומפּף פֿון דעם אידישען לעבען האָבען איניגע „מיט גדלות" אָבגעדרעהט דעם נאָז פֿון דיזער נייער פֿערענטפֿערונג פֿון דער פֿראַגע; זי איז — אַזוי האָבען זיי געהאַלטען — קנאַפּ, „מאָגער", בלאַס; און זיי האָבען ווידער שטאַרק איינגעשלאָפֿען, חלום'ענדיג וועגען „ראַדיקאַלערע" וועגען און מיטלען, ווי אַזוי אויסגעלייזט צו ווערען פֿון דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג דורך... אַ קאָנצעסיע אויף אַ נחלה ערד ביים טערק. אַנדערע ווידער האָבען זיך געקרימט און געשטאַמעלט עפּעס וועגען נאַציאָנאַלע פּאַרקאַנעס, נאַציאָנאַלער אָבגעזונדערטהייט, וועגען „געטטאָ-אידעען", און האָבען זיך געטרייסט מיט זיסע, עכט ליבעראַלע פֿאַנטאַזיעס, אַז גאָר אין גיכען וועלען די אידען פֿערוואַנדלען זיך אין סתם-מענשען.

ווי שאַרף האָט זיך איצט אומגעביטען דיזעס בילד. עס איז גענוג פֿון אויבען-אויף דורכצוקוקען די אידישע און רוסיש-אידישע לעגאַלע פּרעסע פֿון די לעצטע 8-7 מאָנאַטען, אום צו זעהען דייטליך, אַז מען האָט זיך אַ קעהר געטהאָן אין אַ'ן אַנדער ריכטונג. אַלע שרייען אין איין קול, עס שיט זיך אַ גאַנצער האָגעל אַרטיקלען, ערקלערונגען, רעזאָלוציעס, פּעטיציעס, וועלכע עס שטעלען אַרויס מעהר אָדער ווייניגער פֿערשטעלטערהייט די אייגענע בונדיסטישע נאַציאָנאַל קולטורעלע אויטאָנאָמיע. איצט איז זי אַריין אין דער מאָדע, געוואָרען אַ טאַגעספֿראַגע, אַ פּאָליטישער לאָזונג.

דער בונד, אויף צו „דערגרייכען די גלייכבערעכטיגונג פֿאַר די אידען אין רוסלאַנד" פֿאָדערט: „די פֿרייהייט פֿון נאַציאָנאַל-קולטורעלער זעלבסטבעשטימונג אין אַלע איהרע פֿאָרמען בכלל, אַ ברייטע אויטאָנאָמיע פֿאַר די קהלות, פֿרייהייט פֿון שפּראַך און שול-בילדונג בפרט". דאָס פּראָגראַם פֿון דער „אידישער דעמאָקראַטישער גרופּע" רעדט וועגען „נאַציאָנאַל-קולטורעלער זעלבסטבעשטימונג אין איינעם מיט דער גלייכבערעכטיגונג אין דער מלוכה פֿון יעדער נאַציאָנאַל-קולטורעלער גרופּע". דער צוזאַמענפֿאָהר פֿון די זשורנאַליסטען האַלט זיך אויך ביי אַזאַ מיינונג, און לויט דעם פֿאָרשלאַג, פֿון די פֿאָרשטעהער פֿון דער אידישער פּרעסע, טייטשט ער אויס בפירוש די נויטווענדיגקייט צו בעשאַפֿען גאַראַנטיען, וועלכע זאָלען בעוואָרענען אויך דעם אידישען פֿאָלק די מעגליכקייט פֿון פֿרייער קולטורעלער ענטוויקלונג. אַ סך

פעטיציעס פֿון יודישע קהלות שטעלען אַרויס עהנליכע פֿאָדערונגען. דער „פֿריינד" און „וואָככאָד" שטעלען זיך אויך איין פֿאַר זיי און בעגרינדען זיי, און אפילו די ציוניסטישע „כראָניק פֿון אידישען לעבען" ערלויבט צו דרוקען אין דיזער צייטונג א'ן אַרטיקעל, אין וועלכען דער מחבר, ניט נור, וואָס ער שטעלט זיך איין פֿאַר'ן פרינציפ פֿון נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע—אמת ער וויל ניט אָנרופֿען דאָס קינד ביים נאָמען—נאָר פרואווט זיך אפילו אויסצוטייטשען, מעהר אָדער וועניגער קאָנקרעט, דעם רעכטליכען אינהאַלט פֿון דער אויטאָנאָמיע. דער „וואָסכאָד" געהט אין דיזען פרט נאָך ווייטער און פרואווט זיך אין 2 פֿעליעטאָנען אויסצואַרבייטען אַ גאַנץ בעשטימטען פלאַן פֿון אידישע אויטאָנאָמע איינריכטונגען; ער פֿוילט זיך אפילו ניט אויסצורעכענען די צאָהל מיטגליעדער פֿון דעם העכסטען אַדמיניסטראַטיווען צענטער פֿון די אידישע קהלות.

עס איז קלאָר ווי טאָג, די אידישע ליבעראַלע און ראַדיקאַלע בורזשואַזיע האָט זיך אַ קירעווע געטהאָן אין אונזער זייט, און עס וואָלט געווען אַ פֿעהלער, ווען מען זאָל צו ניעדעריג אָבשאַצען דיזען פֿאַקט, וועלכער עס האָט פֿאַר אונז אַ בעדייטונג אַלס אַ וויכטיגער סמן.

מיר זאָגען, „אַלס אַ וויכטיגער סמן", ווייל גראַדע נור אַלס אַ סמן קען אונז דיזער פֿאַקט אינטערעסירען. ווען מען זאָל בעטראַכטען די פאָליטישע רעזולטאַטען, וועלכע ער קען אונז בריינגען, איז אפילו ניט כדאי צו רעדען וועגען איהם. דער אידישער ליבעראַליזם איז נאָך ניט אַזאַ חשוב'ע קראַפֿט, און דערצו קען מען אויף איהם אַזוי וועניג בויען, אַז ווערען מלא שמחה פֿון דער שטיצע, וועלכע ער וואָלט אונז געקענט געבען אין דיזען פונקט, איז ניטאָ וואָס. נור דיזע איבערקעהרעניס איז פֿאַר אונז טייער ניט דערפֿאַר, ווייל מיר ליגען אין דיזען פרט וועלכע ניט איז ערנסטע האָפֿנונגען אויף דער בורזשואַזיע, אויך ניט דערפֿאַר, וואָס מיר זאָלען מאַכען אונזער פראָגראַם כאָטש אויף וויפֿיעל ניט איז אָבהענגיג פֿון די בורזשואַזע פאַרטייען און זאָלען וואַרטען פֿון זיי אַ סיגנאַל אויף צו לאָזען זיך אין וועג; ניין! עס פֿרעהט אונז דיזער פֿאַקט — מיר חזר'ן איבער נאָך אַ מאָל — צוליעב דעם, ווייל ער איז אַ אינטערעסאַנטער סמן.

מיר ווייסען גאַנץ גוט, אַז ווען די בורזשואַזיע שטעלט אַרויס די אייגענע לאָזונגען ווי די סאָציאַלדעמאָקראַטיע, קען דאָס ניכער וואַרפֿען אַ השד אויף דער לעצטער, איידער דיענען פֿאַר אַ ראיה, אַז זי (די ס.ד.) איז גערעכט; מיר ווייסען אויך, אַז די בורזשואַזיע בכלל, און די בורזשואַזע „אינטעליגענץ" מיט דער קליינבורזשואַזיע בפרט, און אַ פשיטא שוין די אידישע, איז אַ מורא'דיגער בריה אויף צו בעשאַפֿען העכסט פֿאַנטאַסטישע פראָגראַמען, צו בויען אין דער לופֿטען בנינים — קריינקליכע, האַלב-טויטע בעשעפֿעניסען פֿון אַ אונגעזונדער געזעלשאַפֿטליכער אַטמאָספֿערע. נאָר אין דיזען פֿאַל און אין איצטיגען מאָמענט האָבען דיזע טעמים קיין ממשות ניט. פֿערקעהרט:

אין דער איצטיגער לאַנג-דויערענדער רעוואָלוציע, וועלכע רוסלאַנד לעבט איבער — און דאָס איז איינע פֿון איהרע סאַמע כאַראַקטעריסטישע פרטים — ווערען מיט דער גרעסטער האַסט געבילדעט נייע און רעפֿאָרמירט די אַלטע פאָליטישע פאַרטייען.

דער לאָזונג אונטער וועלכען עס קומט פֿאָר דיזער פראָצעס, איז אַזאַ: אין פֿאָלק, צו די מאַסען, זוכען דאָרט אַ רעעלען באָדען, אַ רעכטען און אַ היבשען מענשענמאַטעריאַל. אָבער די פֿאָלקסמאַסע, וועלכע איז שטאַרק רעוואָלוציאָניזירט, האָט איצט אַ מורא'דיגען חוש, זי לאָזט זיך ניט נאַרען פֿון מליצה-פֿראַזען און פֿאָדערט מיט האַרבע ווערטער אַ'ן ענטפֿער אויף די ברענענדיגע פֿראַגען. אָט דעריבער סטאַ-

רעט מען זיך מיט אַלע כוחות „אָנצוטאַפּען דעם דופק“ פֿון דעם פֿאָ. קס-לעבען, צוצופּאַסען זיך, ווי ווייט מעגליך, צו די שטימונגען און פֿערלאַנגען פֿון דער מאַסע; אָט דעריבער זיינען אַלע גרייט איבערניצעווען און איבערבויען די פּראָגראַמען, דערפֿון נעהמען זיך דער פּראַקטיציזם און די „רעאַלע פּאָליטיק“.

„די צייט פֿון אינפּרוכטבאַרע פֿאַנטאַזיעס און דונקעלע חלומות איז פֿאַר דעם אידישען פֿאָלק פֿערביי“ — האָט ערקלערט אין איהר דעקלאַראַציע די „דעמאָקראַטישע גרופּע“. און באמת טאַקי, די אַלע אַלטע זיסע חלומות, וועלכע האָבען פֿריהער געהאַט דעם זיבעטען הן, ווערען מיט אַ מורא'דיגער קראַפֿט אָבגעשטויסען איף'ן הינטערהויף, אין אויף דער סצענע טרעט אַרויס מיט דער אייגענער קראַפֿט דאָס, וואָס עס פֿאָדערט און וויל זעהען די פֿאָלקסמאַסע.

דאָס איז דער אייגענער פּראָצעס, וועלכער צווינגט די ליבעראַלע זעמסטוועס אויסצופוצען זיך אין אַ דעמאָקראַטישען מאַנטעל — און פֿאָדערן אַלגעמיינע וואַהלרעכט, אַ בגד, וועלכער עס קליידט איהר אויף אַ האָר ניט, וועלכען זי האָט אייגענטליך פֿיינט שנאת מות. דאָס איז דער אייגענער פּראָצעס, וועלכער צווינגט די פּ. פּ. ס. צו פֿערבאָרגען אויף אַ צייט די פֿאָדערונג פֿון פּ ו י ל ע נ ס אונאָבהענגיגקייט און אַרויס-שטעלען אַ מעהר רעאַלע פֿאָדערונג: איטאָנאָמיע. דאָס איז דער איי-גענער פּראָצעס, וועלכער צווינגט אונזערע ציוניסטען-„סאָציאַליסטען“ צו פֿערשטופּען דעם ציוניזם אין אַ ווייטען און פֿינסטערען ווינקעלע, אַרויסרוקענדיג אויף זיין אָרט די „געגענוואַרטס-פּראָגראַם“ — אַ פּאָליטי-שען קאַמפּף מיט'ן צאַריזם, און נאָמען פֿון אַלגעמיינע דעמאָקראַטישע פֿאָדערונגען.

דיזע קראַפֿט פֿון פּאָליטישער צופּאַסונג ווירקט אַלע מאָל, נור אין אַ צייט, ווען דער פּאָליטישער לעבען איז אונטערגעדריקט, ווערט זי פֿערדעקט מיט אַ באַרג פֿון ווילדע פֿלאַנצען און פֿאַנטאַסטישע בלומען, וועלכע וואַקסען אויס אין דער זומפּפֿיגער אַטמאָספֿערע פֿון געזעלשאַפֿט-ליכער רעאַקציע; אין אַ צייט פֿון רעוואָלוציע אָבער, ווירקט זי אָהן אַ'ן אָבהאַלט און מיט אַ מורא'דיגער האַסט. און ווען מיר בעמערקען, אַז ברייטע שיכטען פֿון דער ליבעראַלער און ראַדיקאַלער בורזשואַזיע הויבען אָן גראַדע אין אַ זאַ מ אָ מ ע נ ט אַרויסצושטעלען און אונטערצושטרייכען אַזאַ פֿאָדערונג, פֿון וועלכער זיי האָבען זיך ביז איצט געמאַכט בלא ידע אָדער וועלכע זיי האָבען דירעקט פֿערוואָרפֿען, — און אַזאַ פֿאַל האָבען מיר איצט פֿאַר אונזערע אויגען: די אומענדערונג איז פֿאָרגעקומען אין די לעצטע עטליכע הדשים — איז דאָס דער בעסטער בעזוייז, אַז מיר האָבען צו טהאָן מיט אַ פֿאָדערונג, וועלכע די מאַסע האָט אַרויסגעשטעלט, וועלכע איז נויטיג דער מאַסע, וועלכע פּאַסט פֿאַר די בעדערפֿניסען פֿון דער מאַסע, און וועלכע איז דעריבער לע-בענספֿעהיג, פֿרוכטבאַר און קראַפֿטפֿאָל.

די אידישע בורזשואַזיע און די ליבעראַלע אינטעליגענץ שטעלט נאָך ניט אַרויס אַ פֿאָלשטענדיג קלאָרע און דייטליכע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם; אַז גאָר גוט, הור'ט זי איבער מיט האַלבע ווערטער אונזער פּראָגראַם; אַ'ן אַנדערס מאָל — צוקאַליעטשעט זי איהר אין אייניגע וויכטיגסטע פּונקטען; ווי די מעשה איז, בלייבט דאָך אַלץ טאַקי איהר בעציהונג צו אונזער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם אַ וויכטיגער סמן.

פֿאַר אונז איז דאָ וויכטיג ניט דער בעשטימט-אויסגעדריקטער פּראָגראַם-פּונקט, נור וואָס זי האָט ניט ווילענדיג מודה געווען, אַז די געוויסע בעדערפֿניס פֿון פֿאָלק עקסיסטירט אין דער אמת'ן. עס איז וויכטיג דער גרונד-טאָן, וועלכער קלינגט אין אַלע ערקלערונגען און

וועלכער פֿאָדערט נאַציאָנאַל-קולטורעלע זעלבסטבעשטימונג, אַ א י ד י ש ע נאַציאָנאַל-קולטורעלע זעלבסטבעשטימונג. און דאָס איז זעהר אַ אינטע-רעסאַנטע ערשיינונג.

דער גרעסטער טייל פֿון דער אידישער ליבעראַלער בורזשואַזיע און אינטעליגענץ, איז געווען און איז ביז צו אַ בעדייטענדען גראַד נאָך עד-היום געבליבען דורכאויס אויסגעקנעטען אויף דער אַסימילאַציע. אָט דיזע גרופּע, וועלכע איז אַליין אַרויסגעטראָטען אויף׳ן וועג פֿון אַסימי-לאַציע, איז דורכדרונגען געווען מיט דער אייגענטימליכער פּסיכאָלאָגיע פֿון אַ אידען, וועלכער האָט שוין זוכה געווען צו אַסימילירען זיך, אָדער וואָס האַלט נאָהענט דערביי און וועלכער איז דעריבער נאַטירליך גענייגט צו פֿערלייקענען יעדע רעבענספֿעהיגקייט פֿון דער קולטור, וועלכע ער פֿערלאָזט, — אָט דיזע גרופּע האָט מיט דער גרעסטער התמדה פּראָפּאַגאַנדירט די אַסימילאַציע פֿון די אידישע פֿאָלקס-מאַסען, האָט גערעכענט די אידישע קולטור פֿאַר אַ חלום, די אידישע שפּראַך—פֿאַר אַ שמוציגען זשאַרגאָן, און די איינציגע גאולה פֿאַר אידען האָט זי געזעהען אין דעם, אַז זיי זאָלען זיך וואָס גיכער אָבזאָגען פֿון דער אייגענער נאַציאָן און פֿערבייטען איהר דורך די רעזולטאַטען פֿון דער „נאַציאָנאַל-קולטורעלער זעלבסטבעשטימונג״ פֿון אַנדערע פֿעל-קער. אָט פֿון דיזער גרופּע שטאַמט די בעריהמטע טעאָריע, וועלכער עס האָבען אונטערגעבאָמקעט איייניגע אויך פֿון די לינקע עלעמענטען, אַז די אידישע מאַסע ליידט, הייסט עס, ניט פֿון די פֿעהלערען אין איהר אייגענער קולטור, נאָר פֿון דעם, וואָס מען דערלאָזט איהר ניט צו דער רוסישער קולטור; אַז אַלץ, וואָס עס טראָגט אויף זיך דעם אידישען שטעמפּעל, און קודם כל די אידישע שפּראַך, איז פֿאַר דער אידישער מאַסע אַ שווערע לאַסט, וועלכען זי האָט איצט ניט בכח אַראָבצוואַרפֿען, מחמת די איצטיגע פּאָליטישע בעדינגונגען דערלאָזען עס ניט, אַז די אידישע מאַסע פֿלאַקערט פֿון חשק איינצוואַרפֿען דעם פּאַרקאַן, וועלכער עס צוימט איהר אָב פֿון דעם רוסישען לעבען, און אויסמישען זיך מיט די שכנים, אַז פֿון איהר אַליין זאָל קיין זכר ניט בלייבען. אָט דיזע אַלע טעמים האָט מען געבראַכט אין די ויכוחים געגען אונז, און מען האָט מיט זיי געוואָלט בעווייזען, אַז אונזער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פֿעהלט דער אָביעקט, וועלכען זי דאַרף פֿערהיטען, דער רעאַלער אינהאַלט, וועלכען זי דאַרף צוגעבען רעכטליכע פֿאָרמען, קורץ, עס פֿעהלט איהר יענע פֿאָלקסבעדערפֿניס, וועלכע עס דאַרף איהר דיענען פֿאַר אַ פֿונדאַמענט.

דאָס איז געווען דער הויפּט-יסוד, אויף וועלכען עס האָבען זיך געבויט אַלע טענות געגען דעם עצם פֿון אינזערע פֿאָדערונגען; דאָס איז צו גלייכער צייט אויך געווען דער מקור, פֿון וואַנען עס האָט לכתחילה פּסיכאָלאָגיש געשטאַמט דער אומ׳הן צו אונזער פּאָזיציע, וועלכער עס האָט געשפּיעלט, און שפּיעלט נאָך עד היום ניט קיין קליינע ראָלע.

און ווען מיר זעהען איצט, אַז אָט דיזע שיכטען, וועלכע זיינען מעהר גענייגט צו קוקען אויף דער אידישער נאַציאָן ווי אויף אַ רעאַקציאָנערען פֿאַקטאָר, זיינען איצט ג ע צ ו ו א ו נ ג ע ן צו נעהמען אויף זיך אָפֿען פֿאַר דער גאַנצער וועלט די התחיבות אייגצושטעלען זיך פֿאַר דער א י ד י ש ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל - ק ו ל ט ו ר ע ל ע ר זעלבסטבעשטימונג — מיר זאָגען געצוואונגען, ווייל לויט זייער אייגענער נאַטור זיינען זיי געגען דעם — בעדייט דאָס, אַז די אידישע נאַציאָנאַל-קולטורעלע זעלבסט-בעשטימונג איז טאַקי פֿערבונדען מיט די בעדערפֿניסען פֿון פֿאָלקסלעבען, אין אַלע דיבורים וועגען דעם, אַז עס ציהט די אידען ווי אַ מאַגנעט

„צונויפֿצוגיעסען זיך" זיינען הוילע פלאַפלערייען. דאָס בעדייט, אַז די אידישע שפּראַך אין די נאַציאָנאַלע פֿאָרמען פֿון קולטורעלען לעבען זיינען בשום אופן ניט אַ טויטער גוף; דאָס בעדייט, אַז פֿאַר דער מאַסע, אַלס מאַסע איז דאָס די איינציגע פענסטער, דורך וועלכע זי קען בעקומען ליכט און לופֿט פֿון דער מאָדערנער קולטור, דער איינציגער קאַנאַל, דורך וועלכען עס פֿליסט צו איהר צו די ריינע שטראָמען פֿון גייסטיגען לעבען, און אַז אין דעם היסטאָרישען מאָמענט, בעת עס האַלט ביי ליקווידירען די אַלטע אָרדנונג, אין דער רעוואָלוציאָנערער היטציגער אַטמאָספֿערע פֿון דעם נאָהענטען סוף, ווען אַלע בעדערפֿניסען, פֿאָדערונגען און וואונשען שווימען אַרויף פֿון אויבען בעזאָנדערס שאַרף און האַרטנעקיג, אָננעהמענדיג דעם כאַראַקטער פֿון אַ פּאָליטישער ממש'ת דיגער ווירקליכקייט, — אין דיזען מאָמענט ווייזט זיך אַרויס אויך אזוי האַרטנעקיג און שאַרף דאָס בעדערפֿניס צו בעשיטצען און פֿערהיטען דיזע איינציגע פֿענסטער פֿון אַלעם דעם, וואָס עס וויל זי פֿערמאַכען, דיזען איינציגען קאַנאַל פֿון אַלעם דעם, וואָס קען איהם פֿערשטאָפּען; און מיט דיזער בעדערפֿניס זיינען געצוואונגען געווען צו רעכענען זיך אפילו יענע לייט, וועלכע פֿיהלען איהר אַליין ניט, האָבענדיג פֿאַר זיך אנדערע פֿענסטער און אַנדערע קאַנאַלען, נור וועלכע מוזען זעהען צו בעפֿריעדיגען די וואונשען פֿון דער מאַסע, ווייל נור די מאַסע קען זיי צוגעבען אַ פּאָליטישען געוויכט און קראַפֿט.

אַקוראַט ווי די נאַציאָנאַלע פֿראַגע פֿון יעדער אַנדער פֿאָלק, טאָר אין עס דאַרף ניט די אידישע פֿראַגע בלייבען אין דעם תחום פֿון גלייכבערעכטיגונג פֿאַר אידען, וועלכע ענדענט אויף אַ ברייטען וועג פֿאַר דער צונויפֿגיסונג, און וועלכע פֿערענטפֿערט כלומר'שט דיזע פֿראַגע ראַדיקאַל. די אידישע פֿראַגע, אַקוראַט ווי די פּוילישע אָדער ליטווישע נאַציאָנאַלע פֿראַגע, האָט 2 זייטען: די אַנערקענונג פֿון די רעכטען פֿון דעם יחיד, פֿון יעדען איינצעלנעם מענשען, און די פֿערוואָרענונג פֿון די נאַציאָנאַלע אָדער, אַנדערש געזאָגט, נאַציאָנאַל קולטורעלע רעכטען פֿון דעם גאַנצען נאַציאָנאַלען כלל, אלס אַ יוריסטישע איינהייט. אָט אַזוי האָבען געשטעלט און שטעלען די נאַציאָנאַלע פֿראַגע מיר, און דער לעבען האָט בעוויזען, ווי ווייט מיר זיינען גערעכט.

די בורזשואַזיע האָט עס פֿערשטאַנען און האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט. מיר האָבען שוין גענוג גערעדט וועגען דעם, וואָס פֿאַר אַ בעדייטונג דאָס האָט פֿאַר אונז אַלס אַ געוויסער סמן, לאָמיר אַ קוק טהאָן דערויף פֿון אַ'ן אַנדער זייט. ווי באַלד די בורזשואַזיע האָט צוגעלייגט צו דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע איהר האַנד, וועט זי ניט פֿערזאַמען אַרויפֿצולייגען אויף איהר דעם בורזשואַזנעם שטעמפּעל. און דאָס לייגט אַרויף אויף אונז די פֿליכט אָבצוריינינגען אונזערע פֿאָדערונגען פֿון אַלע יענע פֿערדרעהעניסען, פֿערפֿעלשונגען און פֿערקריצונגען, מיט וועלכע דער שרעקעדיגער און פֿערפּלאָנטערער בורזשואַזער געדאַנק צוקאַליעמשעט איהר.

די ערשטע כאַראַקטעריסטישע פֿערפּלאָנטערנים פֿון דער אידישער ליבעראַלער בורזשואַזיע בעשטעהט אין דעם, וואָס זי פֿערשטעהט ניט דייטליך, און אָפֿט מאָל פֿערשטעהט זי פּשוט גאָר ניט דעם רעכטליכען כאַראַקטער פֿון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, איהר קאָמפּעטענץ פֿון אַ מלוכה־איינריכטונג מיט אַ צווינגענדער מאַכט, אַז זי איז ניט ווי אַ וואָסער עס איז פּריוואַטע חברה, וואָס איז געגרינדעט אויף דער פֿרייער ברירה. מיר ווילען דאָ ניט ריידען וועגען דיזען פֿעהלער, און וועלען איבערגעהן צו אַ צווייטען, נאָך מעהר כאַראַקטעריסטישען און וויכטיגערען.

אין № 31 „כראָניק פֿון אידישען לעבען“ געפֿינען מיר אַ׳ן אַרטיקעל פֿין ה״ גאָלדבערג׳ן, אין וועלכען דער מחבר ענטוויקעלט און קאָמענטירט די פּראָגראם פֿון דעם „בונד פֿאַר פֿולבערעכטיגונג“; דאָרטען לייענען מיר פֿאָלגענדעס:

„ווען מיר זאָלען פֿערגלייכען די נאַציאָנאלע פֿאָדערונגען פֿין דעם אידישען פֿאָלק מיט די פֿאָדערונגען פֿון אַנדערע פֿעלקער פֿין רוסלאַנד צ. ב. פֿון די פּאָליאַקען, ליטאָווצעס, אַרמענער אין גרוזינער (מיר ריידען שוין ניט פֿין פֿינלאַנד), וועלען מיר זיך איבערצייגען אין דעם, ווי איינגעהאַלטען און מעסיג עס זיינען די פֿאָדערונגען פֿין די אידישע נאַציאָנאלע רעכטען. עס איז אַ פּשוט׳ער שכל: אַזוי ווי די אידישע בעפֿעלקערונג איז צוזייט, אַזוי ווי די אידען זיינען צו וואָרפֿען אין אַלע ווינקעלעך און קענען דעריבער ניט בילדען, הגם זיי בעטרעפֿען 6 מיליאָן, אפילו ניט אין איין אויעזד פֿון דער אידישער „טשערטאַ“, כאָטש אַ שוואַכע מעהרהייט, פֿעהלען פֿאָלשטענדיג ביי זיי די געוועהנליכע פֿאָדערונגען פֿון יעדעם נאָרמאַל-עקסיסטירענדעם פֿאָלק, אַז מען זאָל איהם געבען טעריטאָריאלע אויטאָנאָמיע אין יענע פּראָווינצען, וואו ער בילדעט אַ געדיכטע מעהרהייט. אונזערע ענות׳דיגע פֿאָדערונגען געהן ניט ווייטער, ווי אויטאָנאָמיע פֿאַר די קהלות, ד. ה. די מעגליכקייט צו רעגולירען אונזער אינערען קהל׳שען לעבען לויט נאָך די וואונשען ניט פֿון דעם אָדער יענעם „סטאָלאָנאַטשאַלניק“, נור לויט נאָך אונזער אויגענעם ווילען.“

אַלזאָ די נאַציאָנאַלע-קולטורעלע אויטאָנאָמיע (וועלכע דאַרף, אגב בעמערקט, זיך אויסדריקען ניט נור אין דער אויטאָנאָמיע פֿין איינצעלנע קהלות, נור אויך אין דער אויטאנאָמיע פֿין דעם כלל: פֿון אלע קהלות אין איינעם) בילדעט ניט לויט דעם שטאַנדפּונקט — אַ כאַראַקטעריסטישער שטאַנד-פּונקט — פֿין ה. גאָלדבערג די „געוועהנליכע פֿאָדערונג פֿין די נאָרמאַל-עקסיסטירענדע פֿעלקער“, נור עפּעס אַ מין אויכנאַמסגעזעץ פֿאַר אידען; מיט דעם אינטערשיעד נור, אַז אין דיזעם פֿאַל איז דיזער געזעץ בעשטימט ניט געגען די אידען, נור אויף צו פֿערטיידיגען זיי; ערגעץ אויפֿ׳ן ברעג פֿין דעם מלוכה-לעבען צייטען זיך די אידען אָב אַ׳ן „ענות׳דיגען“, ניט קיין געוועהנליכען ווינקעלע, ניט ווי די „נאָרמאַל-עקסיסטירענדע פֿעלקער“ מיט זייער „עכטער“ ניט קיין „ענית׳דיגער“ אויטאָנאָמיע. טעריטאָריאַליזם — דאָס איז נאָרמאַל, נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע — דאָס איז ניט נאָרמאַל.

אָט דיזע איינגרויבענעס איז שטאַרק פֿערברייטעט, נור פֿין דעסטוועגען איז דאָס פֿאַקט אין עצם ניט מעהר ווי אַ פֿאַלשע איינגלויבעניס. עס איז ניט ריכטיג אַז פֿאַר די פֿעלקער, וועלכע וואָהנען געדיכט אויף אַ געוויסען שטח, פֿערענטפֿערט די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע די נאַציאָנאַלע פֿראַגע. ביי די בעדינגונגען פֿון דעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליסטישען רוסלאַנד. מיט זיין פֿילפֿארביגער אייכגעמישטער בעפֿעלקערונג איז די נאַציאָנאַלע אין ניט די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע די העכסטע אין „נאָרמאַלע“ פֿאָרם, מיט וועלכע עס ווערט פֿערענטפֿערט די נאַציאָנאַלע פֿראַגע, און ניט נור פֿאַר די אידען, נור פֿאַר אַלעמען.

לאָמיר אקאָרשט קלאָר בעטראַכטען, אין וואָס איז די גאַנצע קראַפֿט פֿון דעם טעריטאָריאַלען פּרינציפּ? ווען אַ וועלכע ניט איז נאַציאָן בילדעט די מעהרהייט פֿין דער בעפֿעלקערונג אויף אַ געוויסער טעריטאָריע, גיט ער (דיזער פּרינציפּ) דיזער מעהרהייט די איבערהאַנד איבער אַלע אַנדערע פֿעלקער, וואָס וואָהנען אויף דער אייגענער טעריטאָריע, מאַכט

איהר אַלזאָ מעגליך צו בעפרידיגען אָהן מניעות איהרע נאַציאָנאַלע בע-דערפניסען. דערפון גופא קען מען שוין זעהען, אַז אַזאַ אויסוועג, וועל-כער איז געבויט אויף דעם, וואָס איין נאַציאָן בעקומט מעהר פּריווי-לעגיעס פאַר די אַנדערע, קען ניט אָנגענומען ווערען פון פראָלעטאַריאַט, וועלכער פאָדערט, צו וואָסער נאַציאָן ער זאָל ניט געהערען, פרייהייט פאַר אַלעמען און קען ניט צולאָזען דעם פּרינציפּ, וואָס זאָגט צו אַלע „פרעמדע": „היות איהר וואָהנט אויף מיין טעריטאָריע, מוזט איהר זיך אונטערגעבען אונטער מיין רעכט, אונטער מיין קראַפט". דאָס איז דער פּרינציפּ פון געוואַלד, און ניט פון בעפרייאונג. נור אונז ווילט זיך ניט ברייינגען גע-גען דעם ה. גאָלדבערג אַרגומענטען, וועלכע זיינען געבויט אויף פּראָ-לעטאַרישע אינטערעסען, מיר קענען בעווייזען, אַז ווען מען זאָל שטעהן אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון קאָנזעקווענטע בורזשואַזיע אָנהענגער פון נאַצי-אָנאַלער פרייהייט, קען מען זיך אויך ווייניג וואָס בעפרידיגען מיט דער טעריטאָריאַלער פּערענטפערונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

קודם כל איז קלאָר, אַז די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע קען האָבען אַ וועלכען ניט איז ווערטה, נור פאַר יענעם טייל פון דער נאַציאָן, וועלכער וואוינט אויף דער דאָזיגער טעריטאָריע; דער איבריגער טייל אָבער, וועלכער איז צוזייט אין די איבריגע געגענדען פון דער מלוכה, איז, זייענדיג דאָרט אַ מיעוט, דורך דעם ניט פערוואָרענט. אָט וועגען דיזען טייל, וועלכער ווערט אַלץ גרעסער, אַ דאַנק דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָצעס, וועלכער טרייבט די פאָלקסמאַסען פון איין אָרט אויף'ן אַנדערן, קען מען זאָגען מיט די ווערטער פון שפּרינגער: „אַ נאַציאָן — דאָס איז דער כולל פון מאָדערנע מענשען, וועלכע זיינען ניט צוגעבונדען צו דער ערד, און ווען יערען איינעם איז טייער זיין פאָטערלאַנד, מוז ביי איצטיגער צייט אָפען פאַר איהם זיין אין קאַמפּף פאַר זיין עקסיסטענץ די גאַנצע וועלט אָדער, לכל הפחות, יענע גאַנצע מלוכה, וועמענס איינהייט ער איז געצוואונגען צו פערטיידיגען מיט זיין בלוט. יענע, וועלכע ווילען בעשאַפען אין דער מלוכה הערשענדע נאַציאָנאַלע טעריטאָריעס, מאַכען יעדערען פון זייערע פאָלקס גענאָסען רעכטלאָז, וויבאַלד נור ער טרעט אַריבער די גרעניצען פון זיין געגענד".*

עס איז אָבער פאַראַנען נאָך אַ טעם, וועלכען מען לאָזט שטענדיג אַרויס פון זינען און וועלכער עס האָט אָבער פונדעסטוועגען זעהר אַ גרויסע בעדייטונג.

די דערגרייכונג פון אויטאָנאָמיע אין רוסלאַנד — סיי אַ נאַציאָנאַלע, סיי אַ טעריטאָריאַלע, — קען אַנדערס ניט געמאָלט זיין, וואו עס זאָלען כסדר ניט דעמאָקראַטיזירט ווערען די פּאָליטישע איינריכטונגען, ד. ה., וואו עס זאָלען בעררייטענד ניט דעצענטראַליזירט ווערען די פונקציעס פון דער מלוכה בנוגע צו די קולטורעלע ענינים פון לאַנד, — קודם כל בנוגע צו דער פאָלקסבילדונג. די מוניציפּאַליטעטען, די שטאָדטיגע און די דאָרפישע קהלות, זיי וועט הויפּטזעכליך אויסקומען צו נעהמען אויף זיך די התחיבות בנוגע צו דיזען צווייג פון דער מלוכה פערוואַלטונג. די צענטראַלע איינריכטונגען האָבען נור צו פעראייניגען, אָנצופיהרען און צו רעגולירען דיזע טהעטיגקייט פון די קהלות. ביי טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע וועלען די אָרטיגע פערוואַלטונגס איינריכטונגען, וואָס ווערען אויסגעקליבען פון דער גאַנצער שטאָדטיגער, דאָרפישער בע-פעלקערונג אָדער פון אַ גרופּע דערפער אָהן אונטערשיעד פון נאַציאָן אויפפיהרען די קולטורעלע ענינים; ביי נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע איז

* Springer: „DerKampf der Oestreichischen Nationalitaeten um den Staat." ,35 זייטע

יעדער נאַציאָן דער איינציגער בעל דעה איבער זיינע קולטורעלע אַנגעלעגענהייטען. אין די אַיינריכטונגען, וועלכע וועלען זיך מיט זיי בעשעפטיגען, וועלען אַריין נור די פאָרשטעהער פון איין נאַציאָן.

וועלכע נאַציאָן קען אַלזאָ זיין פעראינטערעסירט, אַז עס זאָל איינגעפיהרט ווערען די ערשטע אַרט פון אויטאָנאָמיע? נאַטירליך נור די, וועלכע בילדעט אין די אָרטיגע אַיינריכטונגען די מעהרהייט, און דוקא די אַבסאָלוטע מעהרהייט. וואו דער דאָזיגער נאַציאָן פעהלט די אַבסאָלוטע מעהרהייט, דאָרט איז זי אָבהענגיג פון אַ'ן אַנדער נאַציאָן אָדער פון אַ יר-אחת פון פערשיעדענע נאַציאָנען, דאָרט איז די טעריטאָריאַלע אויטאָנאמיע שוין ניט מעהר איהר אויטאָנאָמיע, נור אַ „פרעמדע" און אפילו די „ענות'דיגע" פאָדערונגען פון ה' גאָלדבערג— „די מעגליכקייט צו רעגולירען דעם אינערען קהל'שען לעבען לויט דעם ווילען פון דער בעפעלקערונג" — וועט פאַר איהר אונמעגליך זיין צו דערגרייכען.

ווען מיר זאָ'ען איצט איבערגעהען פון אונזערע סברות צו סטאַטיסטישע דאַטען, וועלען מיר קומען צו רעזולטאַטען, וועלכע וועלען זיין גאַנץ אינערוואַרטעט פאַר דעם רוב פון אונזערע לעזער. מיר בעריהרען ניט קאַווקאַז, וויל עס פעהלט אינז די נויטיגע סטאַטיסטיק דערצו — אפילו אונזערע אויבענגעבראַכטע טעמים קענען גילטען פאַר קאַווקאַז אויך — און נעהמען פוילען און צפון-מערב רוסלאַנד. אָט וואָס עס זאָגען אינז די ציפער בנוגע צו דער פערטיילונג פון דער בעפעלקערונג אין די שטעדט און שטעדלעך.

דער פראָצענט פון דער שטאָדטישער אידישער בעפעלקערונג אין פערגלייך צו דער איבריגער בעפעלקערונג פון די שטעדט איז אזא:

| | |
|---|---|
| אין קאָוונער גובערניע . . . . . | 59,4% |
| „ גראַדנער „ . . . . . | 60,2 „ |
| „ ווילנער „ . . . . . | 58,0 „ |
| „ מינסקער „ . . . . . | 58,6 „ |
| „ וויטעבסקער „ . . . . . | 53,1 „ |
| „ מאָהליווער „ . . . . . | 56,6 „ |
| דורכשניטליך . . . . . . . . | 57,9% |

אין פוילען:

| | |
|---|---|
| אין סעדלעצער גובערניע . . . . . | 59,0% |
| „ סובאַלקער „ . . . . . | 56,3 „ |
| „ לאָמזשער „ . . . . . | 55,7 „ |
| „ ראַדאָמער „ . . . . . | 54,7 „ |
| „ פלאָצקער „ . . . . . | 49,1 „ |
| „ קעלעצקער „ . . . . . | 47,7 „ |
| „ קאַלישער „ . . . . . | 42,9 „ |
| „ לובלינער „ . . . . . | 38,9 „ |
| „ וואַרשאַווער „ . . . . . | 38,8 „ |
| „ פעטראָקאָווער „ . . . . . | 28,2 „ |
| דורכשניטליך . . . . . . . . | 40,9% |

מיר זעהען אַלזאָ, אַז אין אַלע גוב. פון צפון-מערב ראַיאָן בילדען די אַבסאָליוטע מערהייט פון דער שטאָדטישער בעפעלקערונג די אידען. אין פוילען בילדען זיי די אַבסאָליוטע מערהייט אין 4 גובער., אין ד

איבעריגע 6 — זעהר אַ היבשען מעוט, און דורכשניטליך כמעט 41 פּראָצענט. און דיזע ציפֿער זיינען על כל פנים נידעריגער איידער די ווירקליכע. מען דאַרף ווידער געדענקען, אַז אין דיזע שטעדט וואָהנען נאָך אַ סך רוססען, דייטשען און אַנדערע „פֿרעמדע“, און אַז אין יעדער שטאָט וואָהנען לכל-הפחות 3 נאַציאָנאַליטעטען. נאָך אונזער חשבון וואָהנען אין די שטעדט פֿון פּוילען ניט ווייניגער ווי 30% רוססען און דייטשען; אַלזאָ די צאָהל פּאָליאַקען בעטרעפֿט אין די שטעדט אין בעסטען פֿאַל ניט מעהר ווי 30%. עס פֿערשטעהט זיך, אַז דיזע ציפֿער זיינען פֿערשיעדען אין פֿערשיעדענע שטעדט. אין איינע-צוויי שטעדט האָבען אפשר די פּאָליאַקען די מעהרהייט, נאָר אַ חוץ דיזע פּאָר שטעדט, בילדעט די „איינגעבאָרענע“ בעפֿעלקערונג אַן אַבסאָלוטען מעוט. ווען אין די שטעדט פֿון צפֿון מערב איז ווער עס איז פֿעראינטערעסירט אין טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע, איז סיידען די יודען. די גרויסע איינפֿלוסרייכע שטאָדטיגע מאַסע פֿון פּוילען און ליטאַ, און קודם כל יענער טייל, וועלכער געהערט צו די „איינגעבאָרענע“, — די פּאָליאַקען, ליטאָווצעס, ווייסרוססען — זיינען ביז צום העכסטען גראַד פֿעראינטערעסירט אין נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע; זאָל ניט איינגעפֿיהרט ווערען די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, בלייבען זיי אָבהענגיג פֿון אַנדערע, וועלכע בילדען די מעהרהייט פֿון דער בעפֿעלקערונג. אָט וואָס עס זאָגען אונז די ציפֿער, וועלכע קעהרען איבער קאַפּויר די געוויינליכע בעלי-הבית'שע סברות. וואָס האַלטען, אַז ווי באַלד „מעהרהייט“, און דערצו נאָך אַ קאָמפּאַקטנער מעהרהייט, איז אומעדום דאָ די מעהרהייט, מיט אַ גאַנץ קליינעם, איינגעדייטענדעם צוגאָב פֿון „פֿרעמדע“, וועלכע זיינען צוזאַמענגעוואָרפֿען איבער'ן גאַנצען געגענד. דיזע פֿאָרשטעלונג איז ריכטיג נור בנוגע צו דער דאָרפֿישער בעפֿעלקערונג. אין די שטעדט איז דאָס פּונקט פֿערקעהרט. פֿון דעם מעוט ווערט אַ מעהרהייט, פֿון דער מעהרהייט אַ מעוט, און די „נאָרמאַלע“ נאַציאָנען מוזען סוף כל סוף אויססוכען אַנדערע וועגען, מחוץ לתחום פֿון דעם טראַדיציאָנעלען טעריטאָריאַליזם, וועלכער עס האָט ביכולת, טאַקי צוליב דעם, וואָס ער איז פֿערבונדען מיט טראַדיציעס, נור אויף אַ געוויסע צייט צוצוציהען זייער אויפֿמערקזאַמקייט, וועלכער איז אָבער ניט פֿייהיג צו פֿערהאַלטען זייער איבערגאַנג צו אַ העכערער, „נאָרמאַלער“ פֿאָרם פֿון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

אָט פֿאַר וואָס דער בונד האָט פֿון אָנהויב אָן פֿאָרמולירט דיזע פֿאָדערונג אַלס אַ'ן אַלגעמיינע, ניט אַלס אַ ריין אידישע. אָט פֿאַר וואָס מיר רעכענען, אַז ווי מען זאָל זיך ניט פֿערהאַלטען צו דער זעלבסטפֿערוואַלטונג פֿון די איינצעלנע געגענדען, אַלס אַ מיטטעל אויף ווי פֿיעל ניט איז צו דעצענטראַליזירען די מוראדיג גרויסע רוסלענדער מלוכה, אויף דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע קען געבען אַ'ן אמת'ען און ריכטיגען ענטפֿער נור די נאַציאָנאַל-קולטורעלע אויטאָנאָמיע. נור זי בעפֿרידיגט די פֿאָדערונגען פֿון דער דעמאָקראַטיע, די פּראָלעטאַרישע אינטערעסען, און פּאַסט פֿאַר די בעדינגונגען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, וועלכע עס ענטוויקלען זיך שטענדיג, פֿאַר דעם אַלץ וואַקסענדען פּראָצעס פֿון דער אויסמישונג פֿון דער בעפֿעלקערונג.

מיר דאַרפֿען אויך ווייטער איינשטעלען זיך פֿאַר דיזער פֿאָדערונג אין ענטוויקלען איהר, פֿאַר די 4 יאָהר, וועלכע זיינען פֿאָריבער זייט דעם 4 טען צוזאַמענפֿאָהר פֿון בונד, איז אַ סך וואַסער אין טייך אַוועקגעשוואומען. יענסמאָל איז פּאַסיג און מעגליך געווען די פֿאָרזיכטיגקייט, מיט וועלכער מ'האָט אָנגענומען די רעזאָלוציע און יענער „גדר“, מיט וועלכע מען האָט אַרומגעצוימט איהר אַגיטאַציע. איצט האָבען זיי שוין

אָבגעלעבט זייער צייט. די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבען, אָט-אָט
וועט זי זיך פֿערנאַנדערפֿלאַקערן, און מיר דאַרפֿען זיין בעוואַפענט, מוכן
ומזומן צו בעגעגענען יענעם מאָמענט, ווען עס וועט זיך אָנהויבען צו
בויען דער בנין פון אַ נייער מלוכה אָרדנונג — דער פּראָצעס, אין וועל-
כען דעם פּראָלעטאַריאַט וועט אויסקומען נאָך ניט איין מאָל צו זאָגען
זיין האַרבען וואָרט.

די אונענטשלאָסענהייט, צו וועלכער עס צווינגט אונז די רעזאָלוציע
פֿין 4-טען צוזאַמענפֿאָהר, וועלכע פֿערוועדט — ווען אַפֿילו מיט אַ האַל-
בען מויל — אַריינציטראָגען דיזע פֿאָדערונג אין די מאַססען, האָט פּינקט
פֿערקעהרטע רעזולטאַטען. ווי עס קומט נור אויס צו בעריהרען די נאַציאָ-
נאַלע פֿראַגע אין דער אַגיטאַציאָנס ליטעראַטור, הויבען מיר אָן ניט ווי-
לענדיג צו שטאַמלען: „פֿרייהייט פֿון קולטורעלער ענטוויקלונג", „דאָס
רעכט אויף נאַציאָנאַל-קולטורעלער זעלבסטבעשטימונג", „בעשאַפֿונג פֿון
איינריכטונג, וועלכע פֿערוואָרענען יעדער נאַציאָן", א. אַז. וו. אָט דיזע
אין ענהליכע אויסדריקען זיינען אָפּט דונקעל, אָפּט קענען זיי אַרויף-פֿיה-
רען איף אַ פֿאַלשען וועג, הגם סוף כל סוף פֿערשטעהט יערערער, אַז
מען מיינט דערמיט ניט אַנדערס ווי די נאַציאָנאַל קולטורעלע אויטאָנאָ-
מיע. און מען דאַרף דאָך געדענקען, אַז אין אַזאַ קאָכעדיגער צייט, ווי
די איצטיגע, דאַרף מען אַלץ פֿאָרמולירען קלאָר און שאַרף.

דערצו דאַרף מען זיך נעהמען ערנסט און ווי געהעריג צו קאָנקרע-
טיזירען דיזע פֿאָדערונג. מיר האָבען אָנגעוויזען נור איף דעם אַלגע-
מיינעם פּרינציפּ, מען דאַרף איהם איינפֿאַסען אין בעשטימטע רעכטס
נאָרמען. געוויס וועלען מיר איצט ניט שרייבען קיין געזעץ-פּראָיעקטען,
נור אָנצייכענען די גרונדליניען, וועלכע דער פּראָלעטאַריאַט וועט דאַר-
פֿען געבען די קינפֿטיגע מחברים פֿון געזעטצס-פּראָיעקטען. דערפֿאַר
דאַרף מען זיך נעהמען באַלד, און וואָס פֿריהער, אַלץ בעסער.



# איניגע שטריכען וועגען דער נאציאנאלער פראגע און דער סאציאלדעמאקראטיע אין רוסלאנד.

איינער פון די כאַראַקטעריסטישע מאָמענטען פון דער איצטיגער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד בעשטעהט אין דעם, וואָס די אונטערדריקטע נאַציאָנען נעהמען דעם גרעסטען אַנטייל אין דעם קאַמפּף געגען דעם אַבסאָלוטיזם. אָט דיזער אומשטאַנד האָט געניית אַפילו יענע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּען, וועלכע זיינען קאַפּאַבעל געוועזען, אין זייער יאָגען זיך נאָך כלומרשדיגער „ריינהייט פון פרינציפּען", אַריינצולויגען אין חרם די נאַציאָנאַלע פראַגע, אַלס אַ פערראַט געגען די פּראָלעטאַרישע אינטערעסען, צו זוכען אַ׳ן ענטפער אויף דיזער פראַגע. די נאַציאָנאַלע פראַגע האָבען זיי געהאַלטען פאַר אַ „בורזשואַזע פוסטע חקירה", און האָט אַ וועלכע עס איז סאָציאַלדעמאָקראַטישע פאַרטייגעפּרואווט אַרויסשטעלען די נאַציאָנאַלע פראַגע, האָבען זיי געטענהט אין איין קול, אַז מען פיהרט דערמיט אַראָב דעם פּראָלעטאַריאַט פון דרך הישר. ווען אָבער דער נאַציאָנאַלער קאַמפּף, וואָס קומט פאָר פאַר אונזערע אויגען, האָט שטאַרק אָנגעהויבען צו דערמאָנען וועגען זיך און מען האָט זיך מעהר ניט געקענט מאַכען כלא ידע, האָבען זיי ווידער באַלד געקראָגען אַ קלאָרען תירוץ: דער קאַפּיטאַליזם האָט אין זיך די טבע אויסצוגלייכען די נאַציאָנען, צוגעבען זיי איינען די זעלבע געשטאַלט.

די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג — דאָס איז געוועזען זייער טענה — פיהרט מיט אייזערנער נויטווענדיגקייט צו דער אויסבילדונג פון נאַציאָנאַלע מלוכות, ד. ה. פון מלוכות, וואָס בעשטעהען פון איינער און דערזעלבער בעפעלקערונג. מלוכות אין וועלכע עס געהען אַריין פערשידענע נאַציאָנען, ווי מיר האָבען עס אין מזרח־אייראָפּאַ, אין עסטרייך, טירקיי, רוסלאַנד, זיינען ניט מעהר ווי אַ ירושה פון דער פאָרקאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע און זיי מוזען זיך אַלץ מעהר דערנעהענטערען צו דעם „העכערען" מין פון אַ נאַציאָנאַלער מלוכה; דער איבערגאַנג פון אַ נאַציאָנאַליטעטען־מלוכה (אַ מלוכה, וואָס בעשטעהט פון פערשיעדענע נאַציאָנען) אין אַ נאַציאָנאַלער מלוכה, קען פאָרקומען אויף צווייערליי אופנים: ערשטענס, אויפ׳ן וועג פון אַסימילאַציע, ווען די גרעסערע נאַציאָן זאָל אין זיך איינזויגען, אַסימילירען די קליינע נאַציאָנען, און, צווייטענס דורכדעם, אַז די מלוכה זאָל פערנאַנדערפאַלען, דורך דעצענטראַליזאַציע, וועלכע בעשאַפט אַ באָדען פאַר אַ׳ן אַסימילאַציע: איניגע נאַציאָנען טיילען זיך אָב פון דער דאָזיגער מלוכה, בילדען אַ זעלבסטשטענדיגען פּאָליטישען אָרגאַניזם, פעראייניגענדיג זיך אגב אפשר מיט יענע איהרע טיילען, וועלכע וואָהנען דערביי אין די נאָהענטע שכנ׳ישע מלוכות; ווען אָבער די פעראייניגענדע, צענטראַליזירענדע מאַכט פון דעם קאַפּיטאַליזם זאָל גיבר זיין די נאַציאָנאַלע סעפּאַראַטיסטישע טענדענצען, וועלען דיזע נאַציאָנען מוזען בעגנינגען זיך מיט אַ ברייטער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע, אַלס אַ׳ן איבערגאַנגספאָרם צו דער צונויפגיסונג מיט דער הערשענדער נאַציאָן; יענע נאַציאָנען, וועלכע וועלען צוליב געוויסע אורזאַכען ניט זיין אום שטאַנד אָבצוטיילען זיך פון דער דאָזיגער מלוכה, און אָנהויבען צו פיהרען אַ זעלבסטשטענדיגען פּאָליטישען לעבען און וועלען אויך ניט קע-

נען בענוטצען זיך, צוליב זייערע נאציאָנאַלע אינטערעסען, מיט דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע, וועלען ביסלאַכווייז איינגעשלונגען ווערען פון דער הערשענדער נאַציאָן, ד. ה. קודם כל וועלען זיי אָננעהמען די קולטור פון דער לאַנד, וואו זיי וואָהנען און וועלען פערלירען זייער שפראַך, דיזען „גרונד"-סימן פון אַ נאַציאָן.

אויב יע אַזוי, טאָ וואָס דאַרף מען טהון אין דער פראַקטישער פּאָליטיק? מען דאַרף אונטערשטיטצען אַלץ, וואָס עס העלפט מיט צו פערוואַנדלען די נאַציאָנאַליטעטען-מלוכה אין אַ נאַציאָנאַלער מלוכה — סיי דורך דעם, וואָס זי זאָל זיך פערנאַנדערגלידערן אין איהרע איינצעלנע טיילען, אָדער דורך דעם, וואָס מען זאָל בעשאַפען צווישען דיזע טיילען אַזאַ מלוכה-קשר, אַזעלכע רעכטליכע נאָרמען, וועלכע זאָלען פיהרען די שוואכע נאַציאָנען אויפ'ן וועג פון דער צונויפגיסונג מיט דער שטאַרקער נאַציאָן; נאַטירליך, דאַרף עס זיין צוגעפּאַסט אַזוי, אַז עס זאָל מעגליכסט וועניגער צווורערט ווערען מיט אַ מאָל דער גאַנצער נאַציאָנאַלער לעבען פון די „שוואַכע" נאַציאָנען; ווייטער דאַרף מען שטערען, פערהאַלטען אַלץ, וואָס עס צילט זיך קינסטליך צו באַליאַכירען די טויטע קערפּער, פאַר וועלכע די היסטאָריע האָט שוין אָנגעגרייט מציבות, דורך אַזעלכע מיטלען, ווי בעשאַפען ספּעציעלע איינריכטונגען, וועלכע פערוואָרענען פאַר די „שוואכע" נאַציאָנען די פרייהייט פון קולטורעלע ענטוויקלונג. מען דאַרף אונטערשטיטצען דאָס ערשטע, ווייל אַלץ וואָס עס געהט אין דער ריכטונג פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג איז פּראָגרעסיוו; מען דאַרף אָבהאַלטען דאָס אַנדערע, מחמת אַלץ, וואָס עס פערשטעלט דעם וועג דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג איז רעאַקציאָנער.

די אַנהענגער פון דער אויבענבעשריבענער מיינונג זיינען גרייט אַנערקענען — און אין דיזען פרט זיינען זיי גאַנץ קאָנסעקווענט — אי די אומאָבהענגיגקייט פון פוילען (אַ נאַציאָנאַלע מלוכה!), אי אַ פעדעראַטיווע רעפּובליק (פאַרט אַ קלענערע צרה, מחמת דורכדעם וועלען סוף כל סוף צונויפגיסען זיך די פּאָליאַקען, לאַטישען, קאַווקאַזער מיט דער רוסישער בעפעלקערונג), אָבער ווילען ניט הערען אין ווייסען פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, ווייל זי איז ניט געבויט אויפ'ן פּרינציפּ פון טעריטאָריאַליזם.

היות די „טעאָריע" מיט וועלכער מיר האָבען דאָ בעקאַנט געמאַכט דעם לעזער, אין וועלכע עס איז אין פּלוג זעהר גלאַט און פּראַכט, האָט נאָך אָנהענגער צווישען די סאָציאַל-דעמאָקראַטען, איז כדאַי עטוואָס לייגנער אָבשטעלען זיך אויף איהר.

די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פיהרט שטענדיג און אומעדים צו דער אויסבילדונג פון נאַציאָנאַלע מלוכות, אַזוי זאָגען אונזערע געגנער; אַ טעות! ניט שטענדיג און ניט אומעדום; די פאַקטען פון לעבען בעווייזען, אַז דאָס איז ניט ריכטיג, און על כל פנים איז דאָס ניט ריכטיג בנוגע צו דער קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע. דער קאַפּיטאַליזם — איז אַ צווייזייטיגער פּראָצעס: פון איין זייט גלייכט ער אויס עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אונטערשידען, וואַרפט פערנאַנדער טעריטאָריאַלע פּאַר[illegible]אַנעס, פיהרט איבער מענשען פון פערשידענע נאַציאָנען פון איין אָרט אויפ'ן אַנדערן, מישט זיי צונויף, רייסט אַרויס פון אונטער זייערע פיס דעם „היסטאָרישען" באָדען; אין דער אייגענער צייט וועקט ער ברייטע פאָלקסמאַסען צום געזעלשאַפטליכען לעבען, ענטוויקעלט ביי זיי דעם נאַציאָנאַלען זעלבסטבעוואוסטזיין, פיהרט אַרויס אויף דער היסטאָרישער סצענע נאַציאָנען, ברענגט זיי אין בעריהרונג און סיכסוכים, בעשאַפט נאַציאָנאַלע מחלוקות. עס קומט אויף אַ נייע ערשיינונג: דער קאַמפּף

פֿון נאַציאָנען פֿאַר זייער עקזיסטענץ. דיזער קאַמפּף איז ענג פֿערבונדען מיט דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג, און איז בעצם די ווייטערע ענטוויקלונג פֿון דער פֿרייהייטס בעוועגונג פֿון אונזער צייט; ער „בעדייטעט — ווי קאַוטסקי בעמערקט גאַנץ ריכטיג — די בעשטרעבונג צו דער פֿאָלשטענדיגער אויבערהערשאַפֿט פֿון פֿאָלק, וועלכער וויל פֿריי בעשטימען זיין גורל, און וועלכער ראַנגעלט זיך געגען יעדער אויסערער אונטערדריקונג, פֿון וואָסער זייט די אונטערדריקונג זאָל ניט אַרויס: פֿון אַ'ן איינציגער פּערזאָן, פֿון אַ קלאַס אָדער פֿון אַ וועלכער עס איז אַנדער נאַציאָן." * אָט דיזע שטרעבונג איז ניט בייצוקומען, און זי שטימט פֿאָלקאָמען מיט די אינטערעסען פֿון פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז מיט טויזענדער פֿעדים פֿערקניפּט מיט דעם נאַציאָנאַלען אָרגאַניזם.

די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג ווירקט אין צוויי ענטגעגענגעזעצטע ריכטונגען: פֿון איין זייט צושטערט זי די סעפּאַראַטיסטישע שטרעמונגען, אין פֿון דער צווייטער—בעשאַפֿט זי די „נאַציאָנאַלע אידעע פֿון אונזער צייט", פֿון איין זייט איז זי מבטל די נאַציאָן אַלס אַ פּאָליטישע איינהייט, וועלכע איז פֿערבונדען מיט אַ בעשטימטער טעריטאָריע, פֿון דער אַנדער זייט בעשאַפֿט זי איהר אַלס אַ קולטורעל-פּסיכאָלאָגישע גרופּע, וועלכע איז אונאָבהענגיג פֿון דער טעריטאָריע. די איבענדערמאָנטע סאָציאַלדעמאָקראַטען בעמערקען ניט די צווייזייטיגקייט פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָצעס: זיי זעהען בלויז זיין צענטראַליזירענדע און אויסגלייכענדע קראַפֿט, נור זיי זעהען אָבער ניט די אַנדערע קראַפֿט זיינע, וועלכע ווירקט פּונקט פֿערקעהרט און האַלט אונטער די נאַציאָנאַלע פֿערשיעדענהייטען; זיי זעהען יענע זייט, וועלכע עס בעריהרט די אינטערעסען פֿון דער בורזשואַזיע און זעהען ניט די פֿערקעהרטע זייט, וועלכע עס בעריהרט די אינטערעסען פֿון פּראָלעטאַריאַט; ניט ווילענדיג שטעלען זיי זיך אויף אַ ריין-בורזשואַזען שטאַנדפּונקט; זיי געהען אַרויס ניט פֿון די פּראָלעטאַרישע אינטערעסען, נור זיי שטעלען זיך אויף'ן שטאַנדפּונקט פֿון אַ'ן אַבסטראַקטער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, און במילא קומען זיי צום געדאַנק, אַז עס מוז און זאָל עקזיסטירען אַ נאַציאָנאַלע מלוכה, ד. ה., זיי פֿערטיידיגען גראַדע דאָס, וואָס איז אַזוי איינגעבאַקען אין האַרצען ביי אַלע בורזשואַזע פּאַרטייען.

דער קאַפּיטאַליזם צושטערט די נאַציאָנאַלע טענדענצען צו פּאָליטישער זעלבסטשטענדיגקייט. פּ ו י ל ע ן קען דיענען אין דיזען פּונקט פֿאַר אַ גוטען ביישפּיעל; דאָרטען קען מען איצט ניט בעמערקען וועלכע ניט איז ערנסטע שטרעבונגען צו דער אונאָבהענגיגקייט פֿון פּוילען, און די פּ. פּ. ס., וועלכע עס האָט אָנגעשריבען אויף איהר פֿאָהן „אַ'ן אָבהענגיגע פּוילישע רעפּובליק", איז איצט געצוואונגען אַוועקצומאַכען אונטער'ן האַנד אָדער בעהאַלטען אין בוזים דיזען לאָזונג. ווען די שטרעבונג צו דער אונאָבהענגיגקייט פֿון פּוילען וואָלט טאַקי באמת געווען איינגעוואָרצעלט אין די פֿערהעלטניסען פֿון די געזעלשאַפֿטליכע קרעפֿטען, וואָלט זי מוזען אַרויפשווימען גראַדע אין דעם איצטיגען מאָמענט, ווען די מאַכט פֿון דער זעלבסטהערשאַפֿט איז צובראָכען, און רוסלאַנד שטעהט נאָהענט צו אַ פּאָליטישער איבערקעהרעניס — וואָרום אם לא עכשו אימתי? (אויב ניט איצט ווען זשע דען?) אָדער זאָל זי וואַרטען, ביז פּוילען וועט פֿערקניפּט ווערען מיט רוסלאַנד דורך פֿרייע פּאָליטישע איינריכטונגען, וועלכע עס וועט, ווירקענדיג אין דער אייגענער ריכטונג ווי די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג, לחלוטין

---

* „דער קאַמפּף פֿון די נאַציאָנען און דאָס מלוכה-רעכט אין עסטרייך".
נייע צייט № 17, 1897-8

מבטל זיין די נאַציאָנאַלע טענדענצען צו דער אומאָבהענגיגקייט? ווען די שטרעבונג אָבצוטיילען זיך פֿון רוסלאַנד — די שטרעבונג, וועגען וועלכער מען האָט אונז געוואָלט איינשמועסען, אַז זי איז איינגעוואָרצעלט ביי אַלע אַרבייטענדע שיכטען פֿון דעם פּוילישען פֿאָלק — ווייזט זיך ניט אויס אין אַזאַ רעוואָלוציאָנערען מאָמענט, ווי דער איצטיגער, קען מען עס ערקלערען נור דורכדעם, וואָס זי בעגעגענט אַ מניעה פֿון אַ מעכטיגען פֿאַקטאָר, וועלכער איז, אַ פּנים, שטאַרקער איידער די „היסטאָרישע זכרונות" און די „טראַדיציעס פֿון אַ בעזונדערען מלוכה-רעכט". דיזער פֿאַקטאָר איז — די אינטערעסען פֿון דעם קאַפּיטאַליזם.

פֿון דער אַנדער זייט וועקט אויף דער קאַפּיטאַליזם צום נאַציאָנאַלען לעבען אַ סך פֿעלקער, ווי למשל, די אירען, ליטאָוצעס און אַז. וו., וועלכע האָבען ביז איצט ניט געוואוסט פֿון טיעפֿע נאַציאָנאַלע בעוועגונגען; דער קאַפּיטאַליזם ערוועקט אין זיי דעם ווילען און חשק איינצושטעלען זיך פֿאַר זייער קולטור און שפּראַך.

פֿון דיזער לאַגע איז דאָ נור איין אויסוועג: אַ ברייטע טעריטאָריאַלע זעלבסטפֿערוואַלטונג, פֿון איין זייט, און אַ נאַציאָנאַל-קולטורעלע אויטאָנאָמיע פֿון דער אַנדער זייט. אַזאַ מלוכה ווי רוסלאַנד, וואָס בעשטעהט פֿון אַ סך פֿערשיעדענע פֿעלקער און אומות, קען אַנדערש ניט רעגירט ווערען, סיידען וואו די מלוכה-מאַכט זאָל ניט שטאַרק דעצענטראַליזירט ווערען, די טעריטאָריעס זאָלען בעקומען אַ ברייטע זעלבסט-פֿערוואַלטונג (פּוילען, ליטאָ, דער באַלטישער געגענד, קאַווקאַז און אַז. וו.) אין היות ווי אויף דיזע טעריטאָריעס, ווי אין אַלע איבעריגע טיילען רוסלאַנד (אַ חוץ אין לפי ערך אַ קליינעם טייל — אין צענטראַל-רוסלאַנד) וואָהנען פֿערשיעדענע נאַציאָנען אויסגעמישט מיט איינאַנדער, איז ניטאָ קיין אַנדער מיטעל אויף צו פֿערוואָרענען זיי די פֿרייע קולטורעלע ענטוויקלונג אין די פֿרידליכע שכנות, ווי נור צו בעשאַפֿען פֿאַר דיזען ציעל בעזונדערע מלוכה-רעכטליכע איינריכטונגען, ד. ה., איינפֿיהרען די נאַציאָנאַל-קולטורעלע אויטאָנאָמיע. אָט דאָס איז דער איינציגער וועג, אויף וועלכען עס קען פֿערענטפֿערט ווערען די נאַציאָנאַלע פֿראַגע, אין אויף וועלכען עס ווייזט אויך אָן קויטסקי אין זיין אַרטיקעל: „די נאַציאָנאַלע פֿראַגע אין רוסלאַנד" (לייפּציגער פֿאָלקסצייטונג N 98 פֿון 29-טען אַפּריל 1905).

אויך די רוסלענדער סאָצ.-דעמאָקראַטיע קומט ביסלעכווייז צו אַזאַ מין פֿערענטפֿערונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע; זי קען נאָך ביי זיך ניט פּועל זיין גאַנץ אָפֿען אַרויסצוזאָגען דאָס, זי שלאָגט זיך נאָך מיט דער דעה, זי האָט נאָך דערצו אַ גרויסען אומ'חן. אָבער די אומבאַרמהערציגע פֿאָדערונגען פֿון לעבען ברייגען איהר דאָך צו דיזער פֿערענטפֿערונג.

אויפֿ'ן 2-טען צוזאַמענפֿאָהר פֿון דער רוס. ס. ד. א. פּ. האָבען זיך אַרויסגעוויזען סימנים, וועלכע האָבען עדות געזאָגט, אַז אין די מחות פֿון די רוסלענדער ס. ד. איז פֿאָרגעקומען אַ געוויסע פֿערענדערונג בנוגע צו דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע. אַז די דעלעגאַטען פֿון בונד האָבען פֿאָרגעשלאָגען צו מאַכען צום 8-טען פּונקט פֿון דער פּראָגראַם („רעכט אויף זעלבסטבעשטימונג פֿאַר אַלע נאַציאָנען, וואָס געהערען צו דער מלוכה") אַ הגהה „און די בעשאַפֿונג פֿון איינריכטונגען, וועלכע פֿערוואָרענען פֿאַר זיי די פֿאָלשטענדיגע פֿרייהייט פֿון קולטורעלער ענטוויקלונג" — האָבען זיך געשאָטען אויף זיי פֿון אַלע זייטען פֿאָרוואורפֿען אין „נאַציאָנאַליזם". גענאָסע קאָלצאָוו האָט זעהר ריכטיג פֿאָרמולירט די אַלגעמיינע שטימונג; ער האָט אַזוי געזאָגט: „די הגהה, וועלכע דער בונדיסט האָט פֿאָרגעלייגט, טראָגט אַ ריין נאַציאָנאַליסטישען כאַראַקטער. מען פֿאָדערט פֿון אונז אַנצונעהמען אַגרעסיווע מיטלען אויף אונטערצו-

האַלטען אפילו אַזעלכע נאַציאָנען, וועלכע שטעהען ביים אונטערגאַנג",*) דערביי האָט מען געזאָגט גלייכווערטלעך און געטריעבען לצנות, און ועל כּלם זיינען צום סוף פאָרגעקומען סקאַנדאַלעזע דעבאַטען וועגען דער פראַגע בנוגע צו דער „גלייכבערעכטיגונג פון די שפראַכען". אַט דיזע דעבאַטען האָבען ערשט אויפגעעפענט די אויגען און בעוויזען, אויף וואָס פאַר אַ פאַלשער פּאָזיציע דער צוזאַמענפאָהר שטעהט בנוגע צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע; דער צוזאַמענפאָהר האָט דערזעהען, אַז ער איז צו ווייט פערקראָכען און האָט זיך געאיילט צו פערריכטען אויף ווי פיעל ניט איז זיין פעהלער, אָננעהמענדיג די פאָלגענדע רעזאָלוציע: „דאָס רעכט פון דער בעפעלקערונג צו בעקומען בילדונג אין דער מו-טערשפראַך, דיזעס רעכט ווערט פערוואָרענט דורך דער בעשאַפונג אויף'ן חשבון פון דער מלוכה און פון די זעלבסטפערוואַלטונגסאָרגאַנען שולען, וועלכע זיינען נויטיג צו דיזען צוועק; דאָס רעכט פון יעדען בירגער צו ריידען אויף פערזאַמלונגען אויף זיין מוטערשפראַך; די איינפיהרונג פון דער מיטערשפראַך נעבען דער מלוכה-שפראַך אין אַלע אָרטיגע, געזעלשאַפטליכע און מלוכה-איינריכטונגען". דאָס איז, פערשטעהט זיך, נאָך ניט קיין נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, ווייל דאָ האָבען מיר נאָך ניט די זעלבסטפערוואַלטונג פון דער נ א צ י א ן אין קולטורעלע ענינים; נאָר דיזע רעזאָלוציע ענטהאַלט שוין אין זיך פּ אָ ז י ט י ו ו ע פאָדערונגען בנוגע צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע; דאָס איז שוין ניט דער שטאַנד-פונקט, אויף וועלכען דער צוזאַמענפאָהר איז געשטאַנען פון אָנהויב. אין וועלכען דער גענאָססע יעגאָראָוו האָט אַזוי פאָרמולירט: „בנוגע צו דער פראַגע וועגען נאַציאָן קענען מיר אָננעהמען נור נעגאַטיווע רעזאָ-לוציעס, ד. ה., מיר זיינען געגען יעדער אונטערדריקונג פון אַ וועלכער ניט איז נאַציאָן".

אַ טראָט ווייטער האָט געמאַכט די קאָנפערענץ פון די ס. ד. אָר-גאַניזאַציעס, וועלכע איז פאָרגעקומען אין יאַנואַר פון דיזעס יאָהר. דיזע קאָנפערענץ האָט אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג „גאַראַנטירען דורך'ן געזעץ די פרייהייט פון קולטורעלער ענטוויקלונג פאַר יעדער נאַציאָן". דאָס איז געווען האַלבע ווערטער. און מען קען דערויף מאַכען פער-שידענע פירושים: אונטער „געזעצליכע גאַראַנטיען" קען מען פער-שטעהען ניט נור מלוכה-איינריכטונגען, וועלכע פערוואָרענען פאַר יעדער נאַציאָן די זעלבסטפערוואַלטונג אין קולטורעלע ענינים, נור אויך, צ. ב., ספּעציעלע קאָמיסיעס ביי דער אָרטיגער זעלבסטפערוואַלטונג אויף אָנ-צופיהרען די קולטורעלע ענינים. אָבער די סאָציאַלדעמאָקראַטיע האָט ניט נור אַנערקענט פּאָזיטיווע פאָדערונגען בנוגע צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע, נאָר זי האָט אפילו אָנגענומען אַזאַ רעזאָלוציע, וועלכע מען קען טייטשען אין זין פון נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע, און דיזער אומשטאַנד בעווייזט, אַז די רוסישע ס. ד. האָט זיך נאָך מיט אַ טריט מעהר דערנעהענטערט צו אונזער פּאָזיציע.

נאָך אַ סימן, ענדליך, וועלכער בעווייזט, אַז די סאָציאַל-דעמאָק-ראַטיע האָט איבערגעביטען איהר שטאַנדפּונקט בנוגע צו דער נאַציאָ-נאַלער פראַגע, זעהען מיר אין דעם, וואָס די ציימונגען פון דער רוס. ס. ד. אַר. פּ. האָבען אויפגעהערט צו טענה'ן, אַז די אידען מוזען און זאָלען זיך אַסימילירען. די בעריהמטע פראַגע „אָבגעזונדערטקייט אָדער אַסימילאַציע?", וועלכע „איסקראַ" האָט פריהער אַרויסגעשטעלט, איז יעצט איבערגעגאַנגען... צו דער רוסישער רעאַקציאָנערער פּרעסע. אין N 10471 פון „נאָוואָיע ווערעמיא" (פון 20-טען אַפּריל 1905)

*) פּראָטאָקאָלען פון 2-טען צוזאַמענפאָהר, זייטע 76.

לייענען מיר: „אונז רוכט זיך, אַז די פּאָליטיק פֿון בונד וועט ברייגען די אידען צו אַ סך ביטערע ענטוישונגען, אין אַ גאַנץ אַנדערער ריכטונג האָט מען געדאַרפֿט ערציהען דעם יונגען אידישען דור — מען דאַרף איהם מקרב זיין און ענג פֿערבינדען מיט די רוסישע תושבים. על כל פנים זעהען מיר, אַז אין מערב אייראָפּאַ איז געווען אַזאַ שטרעבונג איידער עס איז פֿאָרגעקומען די אידישע עמאַנסיפּאַציע; דער גרעסטער טייל אידען האָט זיך ניט נור אָבגעזאָגט פֿון זיינע אַלט-אידישע מלבושים און אַנדערע נאַציאָנאַלע אייגענטימליכקייטען, נור ער האָט אויך ערקלערט, אַז די אידען ווילען זיך צונויפֿגיסען מיט דער בעפֿעלקערונג, צווישען וועלכער זיי האָבען זיך בעזעצט, און בלייבענדיג נור ביי זייער אמונה, ווילען זיי קודם כל זיין פֿראַנצויזען, דייטשען און אַז. וו., זיי האָבען אפילו שטאָלצירט מיט זייער פּאַטריאָטיזם, אָבער ניט מיט זייער נאַציאָנאַלען אידישען פּאַטריאָטיזם, נור אַלס „פֿראַנצויזען", „דייטשען" און אַז. וו. עס איז קיין ספק, אַז אַזאַ שטימונג פֿון די אידען, האָט פֿאַרגיכערט זייער עמאַנסיפּאַציע".

איצט, ווי באַלד אַז די „נאָוואָיע ווּרעמיאַ" האָט גענומען אין איהרע הענד די פֿראַגע וועגען „אָבגעזונדערטקייט" און „צונויפֿגיסען זיך" און האָט במילא דערמיט בעוויזען, ווי רעאַקציאָנער עס איז צו פּראָפּאַגאַנדירען די נויטווענדיגקייט פֿון דער אידישער אַסימילאַציע—, איצט, רעכענען מיר, וועט די רוס. ס. ד. שוין מעהר זיך ניט אומקעהרען צו איהר.



# די מפּלה

# פֿון דעם „רעוואָלוציאָנערען ראָמאַנטיזם“.

(עטליכע ווערטער וועגען פּ. פּ. ס. און דער אומאָבהענגיגקייט פֿון פּוילען).

אין יוני פֿון הייעריגען זומער איז פֿאָרגעקומען דער צוזאַמענפֿאָהר פֿון דער „ראַדע“ *) ביים צענטראַלען קאָמיטעט פֿון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.). די ויכּוחים אויף דיזען צוזאַמענפֿאָהר, וועגען וועלכע עס איז אָבגעדרוקט געוואָרען אַ בעריכט אין דעם לעצטען דרייפֿאַכען ביך פֿון „פּשעדשוויט“ (No 6-7-8), בעווייזען קלאָר, אַז פּ. פּ. ס. האָט אויף אַ סך אומגעביטען איהרע אַנזיכטען בנוגע צו דער פּוילישער פֿראַגע, און אין דעם פּרט זיינען דיזע ויכּוחים ניט ווענינ אינטערעסאַנט.

עס איז געוועזען אַ צייט, — און טאַקי ניט לאַנג — ווען פּ. פּ. ס. פֿלעגט גאָר ניט לייקענען, אַז זי האַלט זעהר ווענינ פֿון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין רוסלאַנד, און זי האָט זיך אויף אַלערליי אופֿנים געסטאַרעט איינצומישען דעם פּוילישען אַרבייטער, דאָס עס איז קיין שום גרונד ניטאָ צו האָפֿען, אַז דיזע בעוועגונג זאָל אין דער מעהר אָדער וועניגער נאָהענטער צוקונפֿט איינברעכען און בייקומען דעם צאַריזם. די גאַנצע טאַקטיק פֿון פּ. פּ. ס. איז געוועזען געבויט אויף דיזען אומצוטרוי צו דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין רוסלאַנד: די פֿראַגען וועגען „צוזאַמענפּאַסען“ די רעוואָלוציאָנערע אַקטען, וועגען „בלאָקען“, מכּות וועלכע זי האָט זיך אין דער לעצטער צייט אַזוי פֿיעל געפֿלפּל׳ט, האָבען פֿאַר איהר פֿריהער גאָר ניט עקזיסטירט; דאָס, וואָס עס פֿלעגט פֿאָרקומען אין רוסלאַנד, האָט פֿאַר איהר געהאַט כּמעט אויך אַזאַ ווערטה, ווי ווען דאָס וואָלט געשעהען אין אַ׳ן אַנדער מלוכה, למשל, אין פֿראַנקרייך, און זי האָט זיך ניט איין מאָל אַרויסגעזאָגט אין דיזעם זינען אין איהר ליטעראַטור; דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט האָט, נאָך איהר רעיון נאָך, געקענט בויען נאָר אויף זיינע אייגענע קרעפֿטען; די בעפֿרייאונג פֿון פּוילען מוז דורכגעפֿיהרט ווערען מיט די אייגענע כּוחות פֿון פּוילישען פֿאָלק, און זי האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז דיזע בעפֿרייאונג קען מען דערגרייכען נור דורך אַ בעוואַפֿענטען אויפֿשטאַנד אין פּוילען, דורך אַ מלחמה צווישען די רעוואָלוציאָנערע קרעפֿטען פֿון פּוילען און דעם צאַרישען חיל. מיט איין וואָרט, די בעפֿרייאונג פֿון פּוילען האָט געזאָלט פֿערווירקליכט ווערען נאָך׳ן מוסטער פֿון די פּוילישע אויפֿשטאַנדען אין 19-טען יאָהרהונדערט, ניט אַלס אַ בעפֿרייאונג פֿון אַ בעשטימטען פּאָליטישען רעזשים — פֿון דער זעלבסטהערשונג, נאָר אַלס אַ בעפֿרייאונג פֿון דעם יאָך פֿון אַ פֿרעמדער מלוכה; אויף אַזאַ אופֿן,

*) „ראַדע“ (אָדער ראַטה) בעשטעהט פֿון אָרטיגע אָנפֿיהרער און פֿון פֿאָרשטעהער פֿון דעם אויסלענדישען קאָמיטעט; מען האָט איהר געבילדעט, לויט דעם בעשלוס פֿון VII צוזאַמענפֿאָהר פֿון פּ. פּ. ס., כּדי צו העלפֿען דעם צ. ק. פֿערענטפֿערען די וויכטיגערע פֿראַגען פֿון דער טעגליכער פּאַרטיי-פּאָליטיק און אויך ערקלערען און ווייטער ענטוויקלען די רעזאָלוציעס פֿון די פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָהרען; די קאָמפּעטענץ פֿון דער ראַדע איז בעגרענצט דורך דער פּראָגראַם און די בעשלוסען פֿון די צוזאַמענפֿאָהרען.

וואָלטען מיר דאַן, פֿון איין זייט געהאַט „די אונאָבהענגיגע פּוילישע רעפּובליק", פֿון דער אַנדערער — די זעלבסטהערשענדע „אינקולטורעלע" רוסישע מלוכה, אייף אַ סך אַ'ן אָבגעשוואַכטע דורך דער מפּ"ה, וואָס זי האָט געליטען פֿון דער פּוילישער רעוואָלוציע און דורך דעם, וואָס פֿון איהר האָט זיך אָבגעריסען פּוילען מיט זיין העכערער קולטור.

דיזע טראַדיציאָנעלע אַנזיכט וועגען די „פּויליש רוסישע" בעציהונגען, פֿאַר וועלכע פּ. פּ. ס. האָט זיך געהאַלטען ביז צו דער לעצטער מענ-ליכקייט, איז ביסלעכווייז אונטערגעגראָבען געוואָרען דורך דעם ע־פֿאָלג פֿון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. דעם ערשטען קלאַפּ האָט דיזע אַנזיכט בעקומען באַ"ד ווי עס האָט זיך אָנגעהויבען די כדרה פֿון „ציטרוי צו דער געזעלשאַפֿט", וועלכע דער מיניסטער סוואַטאָפּאָלק-מירסקי האָט זיך גענומען לייענען אויף דער רוסישער בימה; פּ. פּ. ס., וועלכע עס האָט זיך פֿריהער לאַנגזאַם און ציטעריגערהייט געווענדט צו דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין רוסלאַנד, האָט מיט אַ מאָל בעקומען מוטה, האָט אָפֿען אין ענטשלאָסען אַ קעהר געטהאָן זיך פֿון איהר פֿריהערדיגען ועג און האָט זיך געראָזען זוכען „בונ־עס חברים" אויסער די גרענעצען פֿון „איהר אייגענעם" טעריטאָריום. „צוזאַמענפֿאַ-סונגען" און „ב־אָ־ען" האָבען בעקומען גרויס חן אין די אייגען פֿון פּ. פּ. ס. זי איז מיט אַ מאָל אַריינגעטראָטען אין צוויי בלאָקען, צופּאַ-סענדיג איהרע רעוואָלוציאָנערע אַקטען אי פֿון דער לינקער, אי פֿון דער רעכטער זייט, און נאָך די יאַנואַר-פּאַסירונגען האָט זי גענומען אַ'ן אַנטייל אין נאָך צוויי נייע בלאָקען, בעוואָרענענדיג זיך, אַז איהרע אַקטען זאָלען איבעראיינשטימען אייך פֿון נאָך צוויי זייטען. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען אַ שפּיעל אין בלינדע־שמורקעס מיט דעם יסוד פֿון איהר פּראָגראַם, מיט דער „אונאָבהענגיגער פּוילישער דעמאָקראַטישער רעפּוב-ליק": אָט בעהאַלט ער זיך, אָט בעוויזט ער זיך ווידער, אָט פֿער-שטעלט ער זיך — מיט דעם שטן פֿון „אויטאָנאָמיע", וועלכען פּ. פּ. ס. פֿלעגט אַ צוטומלטע ציטעניווייז אַרויסרופֿען. און ענדליך ווערט ער מיט מזל און מיט גליק פֿערביטען מיט דער פֿאָדערונג פֿון אַ „בעזונדערען קאָנסטיטואירענדען פּוילישען סעים אין וואַרשוי"; און אין דיזער פֿאָדע-רונג ליעגט שוין בעצם דער רעיון, — און דאָס האָט פּ. פּ. ס. געמוזט אָפֿען מודה זיין — אַז מען מיז מרוצה ווערען מיט דעם גורל פֿון אַ איטאָנאָמען טעריטאָריום אין דער רוסלאַנדער מלוכה. אמת, פּ. פּ. ס. טענה'ט נאָך איצטער אויך אין איהרע פּראָקלאַמאַציעס און אַרטיקלען, אַז זי האָט דאָ קיין שום בייט ניט געמאַכט, אַז זי „ציעלט זיך אין וועט זיך ציעלען" פּונקט אַזוי, ווי פֿריהער, צו א'ן „אונאָבהענגיגער פּוילישער רעפּובליק", אַלס צו דער איינציגער פּאָליטישער אָרדנונג, וועלכע עס קען פֿערזיכערען פֿאַר „אונזערע אַרבייטסלייט די פֿאָלקאָמענע פֿרייהייט פֿון דער בעוועגונג", נאָר יעדערער פֿערשטעהט, אַז דאָס זיינען ווערטער אָהן אַ שום ממשות, וועלכע עס האָבען גור דעם ציעל: העלפֿען „אָבראַטעווען די פּאָזיציע" און פֿערמאַסקירען דאָס „צוריקטרעטען אויף דער גאַנצער ליניע". אַז דאָס איז אַזוי, קען מען זעהען גענוג קלאָר פֿון די דעבאַטען אויף דעם אויבענדערמאָנטען צוזאַמענפֿאָהר פֿון דער ראַדע.

בנוגע צו דער בעציהונג צו דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין רוסלאַנד האָט דער רוב פֿון די רעדנער אויף דעם צוזאַמענפֿאָהר „אָנ-געוויזען אין זייערע רעדען, דאָס עס איז נויטיג איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל אָפֿיציעל אָבזאָגען זיך פֿון דער אַנזיכט (וועלכע עס איז פֿריהער גאַנץ פּאָפּולער געווען צווישען אונזערע חברים), אַז דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט קען, הייסט עס, זעלבסטשטענדיג, אונאָבהענגיג פֿון דעם

גאַנג פֿון דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף אין רוסלאַנד, ערקעמפּפֿען די פּאָליטישע רעכטען, וואָס זיינען איהם נויטיג, און אַז עס איז כּלומרשט מעגליך צו דערגרייכען צו פּאָליטישע פֿרייהייט אין פּוילען, ניט פֿערניכטענדיג דעם צאַריזם. דיזע אַנזיכט — האָבען זיי געזאָגט — ווערט לחלוטין אָבגעלייקענט פֿון אַ בעדייטענדען רוב פֿון די פּאַרטיי-חברים, און עס איז ניטאָ וואָס צו מאַכען דערפֿון קיין סוד. צו איז שטאַרק די בעוועגונג אין רוסלאַנד, צו זי איז שוואַך, אין יעדען פֿאַל איז אונזער אָבהענגיגקייט פֿון איהר — אַ דערוויזענער פֿאַקט. „אונזער בעוועגונג קען אַ סך איינפֿטהאָן זעלבסטשטענדיג, נאָר אין יעדען פֿאַל איז זי ניט אימשטאַנד אַראָבצוואַרפֿען דעם יאָך פֿון דעם צאַריזם. מיר זיינען מסכים, אַז ביי בעזאָנדערס גינסטיגע בעדינגונגען וואָלט דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט געקענט ערקעמפּפֿען זעלבסטשטענדיג אַן אונאָבהענגיגע פּוילישע דעמאָקראַטישע רעפּובליק, נאָר אין איצטיגען מאָמענט איז עס טעאָרעטיש מעגליך, אָבער ניט פּראַקטיש. איצטער איז פֿאַר אונז דאָ איין וועג: צו געהן האַנד אין האַנד מיט דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין רוסלאַנד, כּדי צו פֿערניכטען דעם צאַריזם". אין זינען פֿון דיזע רעדען האָט מען אייך אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז עס איז נויטיג צו צוזאַמענפּאַסען, קאָאָרדינירען די רעוואָלוציאָנערע אַקטען פֿון פּראָלעטאַריאַט אין דעם גאַנצען גבול פֿון דער רוסלאַנדער מלוכה.

די זעלבע רעדען האָבען זיך אייך געהערט בעת מען האָט בעטראַכט די פֿראַגע וועגען די פֿאָרמען פֿון רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף אין דער טאַקטיק פֿון דער פּאַרטיי. די רעדנער האָבען געזאָגט, אַז די פּ. פּ. ס. האָט כמעט ביז צו דער לעצטער צייט געהאַט אַ פֿאַלשע פֿאָרשטעלונג וועגען דעם אויפֿשטאַנד, אַז דיזע פֿאָרשטעלונג איז אַ מין „רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיזם" און זיי האָבען קאָנסטאַטירט, אַז די פּאַרטיי טהוער האָבען זיך בעפֿרייט פֿון דיזע חלומות; „אַז קיינער גלויבט ניט, דאָס די רעוואָלוציע וועט בעקומען אַ געשטאַלט פֿון אַ קורץ-דויערענדען שטורם, קיינער גלויבט ניט, אַז זי זאָל קענען מנצח זיין אין אַ קורץ-דויערענדען באַריקאַדען קאַמפּף"; אַז עס איז „כמעט אין גאַנצען פֿערשוואונדען" די אמונה אין דער מעגליכקייט פֿון אַזאַ אויפֿשטאַנד, וועלכער עס זאָל זיך אויסדריקען אין דעם, וואָס מען וועט פֿערטרייבען, דורך אַ בעוואַפֿענטען אָנפֿאַל, די צאַרישע אַרמעע פֿון פּוילישען גבול, און אַז. וו.

דער ביטערער פּסק, וואָס דער „רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיזם" האָט בעקומען, איז בעזאָנדערס קענטיג געוועזען בעת עס האָבען זיך געפֿיהרט די דעבאַטע וועגען דער אונאָבהענגיגקייט פֿון פּוילען. בנוגע צו דיזען פּונקט האָט זיך צווישען די מיטגליעדער פֿון דער ראַטע אַרויסגעוויזען אַ מיינונגס פֿערשיעדענהייט וועגען דעם עצם ענין. אייניגע האָבען בעשולדיגט די פּאַרטיי אין „אָפּאָרטוניזם", אין דעם, וואָס זי „רוקט אַוועק אויף'ן הינטערשטען פּלאַן דעם יסוד פֿון אונזער פּראָגראַם — די פּאָליטישע אין נאַציאָנאַלע אונאָבהענגיגקייט", צוימט אָב פֿאַר דער בעוועגונג אַ גרענעץ, וואָס ווייטער פֿון איהם קענען, היסט עס, די פּאָליטישע געוויסען ניט געהן; זיי האָבען אָנגעוויזען ווי שעדליך עס איז דיזע טאַקטיק אין דעם איצטיגען מאָמענט, ווען עס איז נויטיג אַרויסצושטעלען ברייטע לאָזונגען, כּדי צו דערפֿיהרען ביז צום העכסטען גראַד די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פֿון די פֿאָלקס מאַסען; ווי באַלד נור מען האָט אַרויסגעשטעלט די פֿאָדערונג צונויפֿרופֿען אין וואַרשוי אַ בעזונדערע קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג פֿאַר פּוילען, האָט מען געמוזט צו גלייכער צייט דייטליך ערקלערען, — אַזוי דייטליך, אַז מען זאָל עס ניט קענען לערנען מיט אַ'ן אַנדער פּשט, — דאָס „דיזער בעשלוס איז

גאָר ניט קיין הסכם אויף דעם מלוכה-בינד צווישען פוילען און רוסלאַנד", אַז, פֿערקעהרט, דיזע קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג דאַרף דינען פֿאַר אַ מיטעל צו דערגרייכען, אין דעם מאָמענט פֿון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, „די פֿאָלקאָמענע אינאָבהענגיגקייט".

אַנדערע (די גרעסטע מעהרהייט) האָבען זיך געשטעלט אויף אַ שטאַנדפּונקט, וואָס איז פּונקט דער היפך פֿון דעם, וועלכען מיר האָבען בעשריעבען. קיינעם פֿון אונז — האָבען זיי געזאָגט — איז אויפֿן זינען ניט אַרויפֿגעקומען אָבזאָגען זיך פֿון דעם רעיון פֿון דער אונאָבהענגיגקייט. די אונאָבהענגיגע פוילישע דעמאָקראַטישע רעפּובליק מוז בלייבען אונזער פּראָגראַם-פֿאָדערונג, אַלס די איינציגע פּאָליטישע אָרדנונג, וואָס איז אין גאַנצען געבויט אויף די פּרינציפּען פֿון דער זעלבסטהערשונג פֿון פֿאָלק, אַלס די איינציגע פֿאָרם פֿון דער מלוכה, וועלכע עס גאַראַנטירט דעם פוילישען פּראָלעטאַריאַט די פֿאָלקאָמענע פֿרייהייט אויף צו ענטוויקלען אַלע זיינע קרעפֿטען אין קאַמפּף פֿאַר סאָציאַליזם. דיזע אָרדנונג איז אַ נויטיגער דורכגאַנגספּונקט אויפ'ן וועג צום סאָציאַליזם, נאָר ניט יעדער פּונקט פֿון פּראָגראַם קען מען מאַכען פֿאַר אַ פּאָליטישען לאָזונג פֿון דעם אָדער יענעם מאָמענט. אין דער אמת'ן, קען מען דען דערגרייכען אַ'ן אונאָבהענגיגע פוילישע דעמאָקראַטישע רעפּובליק אין דער נאָהענסטער צוקונפֿט? עס איז קלאָר, אַז ניט, כאָטש אַפֿילו צוליעב דעם טעם אַליין, וואָס ווי עס זאָלען זיך ניט אומענדערען די בעציהונגען פֿון דעם רוסישען פוילען צו דער רוסישער מלוכה, וועט עס דאָך גאָרנישט אומבייטען אין דער לאַגע פֿון יענע טיילען פֿון פוילען, וואָס געפֿינען זיך אונטער דער הערשאַפֿט פֿון עסטרייך אין דייטשלאַנד; כדי צו בעפֿרייען אויך דיזע טעריטאָריאומס פֿון דעם פֿרעמדען יאָך, וואָלט נייטיג געווען אַ גרונדליכע איבערקעהרענעס אין די פּאָליטישע פֿערהעלטניסען פֿון אייראָפּאַ און וועגען דעם איז איצטער אַפֿילו ניטאָ וואָס צו טראַכטען. דאָס איז אָבער אַ גרויסער ספֿק, אַז דאָס אינאָבהענגיגע פוילען אין די גרענעצען פֿון דער אַמאָליגער „קאָנגרעסואָווקע" (רוסישעס פוילען) זאָל קענען זיין אַזאַ מלוכה-קערפּער, וואָס איז פעהיג צו לעבען און צו ענטוויקלען זיך; מען רעדט שוין ניט, וואָס די „פֿאָדערונג פֿון אַ לחלוטין אינאָבהענגיגער רעפּובליק אין די גרענעצען פֿון דעם רוסישען פוילען", די פֿאָדערונג, פוילען זאָל אָבגעטיילט ווערען פֿון רוסלאַנד איז ניט אַנדערש ווי ענג פֿערבונדען מיט אַ בעשטימטער פֿאָרם פֿון קאַמפּף, מיט אַ בעוואַפֿענטען אויפֿשטאַנד אין דער געשטאַלט פֿון „אַ מלחמה צווישען פוילען און רוסלאַנד"; מיר זעהען אָבער, אַז „דער רעיון פֿון אַ'ן אויפֿשטאַנד אין דער פֿאָרם פֿון אַ מלחמה צווישען פוילען אין רוסלאַנד האָט ניט צווישען אונז קיין איינציגען ענטשלאָסענעם אַנהענגער, אין דער צייט ווען די גרעסטע מעהרהייט פֿון אינזערע חברים זיינען פּרינציפּיעל געגען אַזאַ מלחמה".

פֿון אונזערע בעציהונגען צו דער רוסלענדער רעוואָלוציע, איז שוין במילא געדרונגען, אַז מיר קענען ניט ציעלען זיך אָבטיילען דעם רוסישען פוילען פֿון רוסלאַנד, נאָר מיר מוזען זיך ציעלען אומצוענדערען די פּאָליטישע אָרדנונג פֿון דער איצטיגער רוסלענדער מלוכה אויף אַזאַ אופן, אַז אונזער בונד מיט רוסלאַנד זאָל ניט זיין קיין געצוואונגענער און אונזער נאַציאָן זאָל בעקומען די פֿרייהייט פֿון זעלבסטבעשטימונג. עס איז קלאָר, אַז דיזע פֿרייהייט וואָלט געווען אַ פוסטער וואָרט, אויב פוילען וואָלט פֿון אָנהויב אָן געוועזן פֿער'משפּט צו דער לאַגע פֿון אַ לאַנד, וואָס געפֿינט זיך אין דעם רשות פֿון דעם צענטראַלען אַלרוסישען פּאַרלאַמענט. קיינערליי „אָרטיגע אויטאָנאָמיע" וואָלט ניט בעזייטיגט דעם פֿאַקט, אַז עס בלייבט ווייטער בעשטעהן דער געצוואונ-

גענער בונד צווישען פוילען [...] רוסלאַנד, דער בונד, וואָס איז געבויט איף שווערד אין ווערט אויך אויפגעהאַלטען מיט'ן שווערד. אויב מען איז מודה, אַז דאָס פוילישע פאָלק האָט דאָס רעכט פון זעלבסט-בעשטימונג, מוז אויך געשאַפען ווערען אַזאַ איינריכטונג, וואָס זאָל קענען דיזען רעכט פערווירקליכען אין לעבען, מוז געשאַפען ווערען א געזעצגעבענדער קערפער, אין וועלכען עס זאָל זיך קענען אַרויסווייזען דער רצון פון פוילישען פאָלק אים כולל. אַזאַ קערפער מוז זיין די פוילישע קאָנסטיטואירענדע פערזאַמלונג אין וואַרשוי, און ווענדענס האַנד עס זאָל זיך געפינען די איבעריגסטע מאַכט איבער אונזער לאַנד אין וועלכע עס זאָל אויסגעקליבען ווערען פון גאנצען פאָלק אויף'ן גרונד פון אַלגעמיינער, גלייכער, דירעקטער און געהיימער אָבשטימונג. אינזערע בעציהונגען צו רוסלאַנד מוזען געבויט זיין אויף אַ'ן „אָבמאַך" מיט די פאָרשטעהער פון רוסישען פאָלק, און נאָר ביי דיזען תנאי קענען מיר רעכענען דיזע בעציהונגען פאַר געזעצליכע.

אויף דער פראַגע, וואָס ווילען מיר די פאָרשטעהער פון פראָלעטאַריאַט, פאָדערען אין דיזער קאָנסטיטואירענדער פערזאַמלונג, קענען מיר נאָר ענטפערען, אַז מיר ווילען זיך צילען צו פערווירקליכען אונזער פאָליטישע און סאָציאַלע פראָגראַם; וועלכע פאָדערונגען ווילען פאַר אונז זיין די נויטיגסטע, וואָס מען זאָל זיי מוזען קודם כל און תיכף ומיד פערווירקליכען, אויף וועלכע פאָדערונגען וועט מיר אַרויפלייגען די גאַנצע קראַפט פון אונזער רעוואָלוציאָנערען איינפלוס — דאָס ווענדעט זיך פון דער פאָליטישער לאַגע, וועלכע מען קען איצטער ניט פאָרזעהן. אויף דער פראַגע, איף וועלכען אופן קען מען זיך דערשלאָגען צו דער צוזאַמענרופונג פון אַ קאָנסטיטואירענדע פערזאַמלונג אין וואַרשוי ענטפערען מיר: נאָר דורך דעם, וואָס מען וועט אין גאַנצען פערניכטען דעם צאַריזם און מען וועט אויפשטעלען אַ צייטווייליגע רעגירונג ווי אין רוסלאַנד, אזוי אויך אין פוילען.

דיזע מיינונג פון דער מעהרהייט פון דער „ראַדע", וועלכע מיר האָבען זיך געזאַמעלט איבערצוגעבען, ווי ווייט מעגליך, מיט די ווערטער פון דעם בעריכט אין „פשעדסוויט", איז אויך אויסגעדריקט געוואָרען אין אַ רעזאָלוציע, וואָס מען האָט אָנגענומען מיט אַ מעהרהייט פון 21 שטימען געגען 13 די רעזאָלוציע ווייזט אָן איף דעם שטענדיגען וואוקס פון דער רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין דעם גאַנצען לאַנד פון דער רוסלענדער מדינה און אויף די אינוועניגסטע צופילטקייט פון דעם צאַריזם, וועלכע עס האָט זיך אַרויסגעוויזען אין די מפלות איף דער מלחמה — דאָס אַלץ בעשאַפט אַזאַ רעוואָלוציאָנערע לאַגע, אַז די ערקעמפפונג פון פאָליטישער און נאַציאָנאַלער פרייהייט, וועלכע עס איז פריהער געווען פערוויקעלט אין די וואָקענס פון אַ ווייטער, אינבעשטימטער צוקונפט, האָט איצטער בעקומען אַ רעאַלען כאראַקטער; די רעזאָלוציע קאָנסטאַטירט ווייטער, אַז ביי היינטיגען טאָג זיינען ניטאָ די בעדינגונגען, וואָס זיינען נויטיג צוליעב דעם, אַז דיזע פרייהייט זאָל זיך קענען פערקערפערען אין דער געשטאַלט פון אַ'ן אונאָבהענגיגער פוילישער דעמאָקראַטישער רעפובליק, צו וועלכער, פונעסטוועגען, די פאַרטיי צילט זיך און וועט ניט אויפהערען צו צילען זיך ווייטער; אַז די פוילישע רעוואָלוציע קען זיין נאָר אַ „טייל" פון דער רעוואָלוציע, וועלכע עס ציעלט זיך איבערבייען די אָרדנונג פון דער רוסלענדער מלוכה איף דעמאָקראַטיש-רעפובליקאנישע יסודות; אַז, ענדליך, דער אויפשטאַנד אין דער „פאָרם פון אַ מלחמה צווישען פוילען און רוסלאַנד" קען ניט פערווירקליכט ווערען; און די רעזאָלוציע שטעלט אַרויס, אַלס דעם לאָזונג פון דעם איצטיגען מאָ-

מענט, די פֿערניכטונג פֿון דער זעלבס[illegible]שונג, די איבערבויאינג פֿון דער רוסלענדער מלוכה און די אויטאָנאָמיע פֿאַר פוילען. אויפֿשטעלען דיזע אויטאָנאָמיע מוז די קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג, וואָס איז צונויפֿגערופֿען געוואָרען אין ווארשוי אויף'ן גרונד פֿון אַלגעמיינער, גלייכער, דירעקטער און געהיימער אָבשטימונג און וועלכע עס דאַרף ווירקען „פּאַראַלעל" מיט דער קאָנסטיטואירענדער פֿערזאַמלונג אין פּעטערבורג. די בעציהונגען צווישען פוילען און רוסלאַנד מוזען רעגולירט ווערען לויט דעם פֿרייען הסכם פֿון די קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונגען אין ווארשוי און אין פּעטערבורג.

דיזע רעזאָלוציע בעווייזט אַזוי קלאָר, אַז עס קען וועגען דעם קיין שום ספק ניט בלייבען, דאָס דער „רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיזם" פֿון פּ. פּ. ס. האָט געליטען אַ שווערע מפּלה.

יאַהרען לאַנג האָט מען אונז גע'טענה'ט: אַ'ן אונאַבהענגיגע פּוילישע רעפּובליק, נאָך אַ מאָל אינאַבהענגיגע רעפּובליק און ווידער אַ'ן נאָך אַ מאָל דאָס זעלבע; יאָהרען לאַנג האָט מען געטראָגען דיזען לאָזונג צו דער פּוילישער אַרבייטער מאַסע, נאָכאַנאַנד אָבציהענדיג איהר אויפֿמערקזאַמקייט פֿון איהר איינציגען רעאַלען ציעל — אַראָבוואַרפֿען די זעלבסטהערשונג און פֿערבייטען איהר מיט אַ פֿרייער דעמאָקראַטישער אָרדנונג; יאָהרען לאַנג האָט מען בעשולדיגט אַלע יענע, וואָס זיינען ניט מסכים געווען מיט די פֿאַנטאַסטישע פּלענער פֿון פּ. פּ. ס., אַז זיי פֿערשטעהען גאָרנישט, אַז זיי האָבען ניט קיין מיטגעפֿיהל און זיינען אפילו פֿיינדליך צו די בעשטרעבונגען פֿון פּוילישען פֿאָלק אַראָבצוואַרפֿען פֿון זיך דעם יאָך פֿון דעם דעספּאָטיזם; יאָהרען לאַנג האָט מען אונז מיט גאויה גע'טענה'ט: „מיר וועלען ניט דערלאָזען, אַז אין אונזער טעריטאָריאַם זאָל מען פֿיהרען אַ'ן אַגיטאַציע פֿאַר אַ'ן אַלרוסלענדער קאָנסטיטוציע"; און אָט איצטער, ווען עס איז געקומען די שעה פֿון דעם ביטערען נסיון, „די לעצטע שעה, די שרעקליכע שעה". ווען אַלע אַרום שרייען אין איין קול: „נו, ווייזט זיך אַרויס! די זעלבסטהערשונג האַלט שוין ביי איהר לעצטען אָטעם, איצטער אָדער קיינמאָל ניט!" — ענטפֿערט פּ. פּ. ס. מיט גרויס ענוות: „עס איז ניט די צייט" און פּונקט ווי אויף צו להכעיס אַלע איהרע טראַדיציעס, שטעלט זי אַ פֿוס אויף יענעם וועג, מיט וועלכען עס געהען שוין לאַנג די פֿערקאָכטע אָנהענגער פֿון דער „אַלרוסישער קאָנסטיטוציע". דיזע „רוסיפֿיקאַטאָרען", די „גייסטיגע יורשים פֿון מוראַוויאָווען", „די תלמידים פֿון אילאָוואַיסקי", „די שונאים פֿון פּוילען" און נאָך אַלע איבעריגע שעהנע טיטולען, וועלכע מען קען געפֿינען אין דער ליטעראַטור פֿון פּ. פּ. ס.

איז דאָס דען ניט אַ באַנקראָט?

פּ. פּ. ס. זאָגט: די שטרעבונג אָבטיילען פּוילען פֿון רוסלאַנד מוז מען אַוועקוואַרפֿען: זי איז אַ פֿאַנטאַזיע, ווייל זי קען פֿערווירקליכט ווערען נאָר דורך אַ זיעגרייכע בעוואַפֿענטען אָנפֿאַל פֿון די רעוואָלוציאָנערע קרעפֿטען פֿון פּוילען אויף דעם רוסישען חיל, ד. ה. דורך די טראַדיציאָנעלע מיטלען פֿון די פּוילישע אויפֿשטאַנדען, און די געשיכטע האָט איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל בעוויזען, אַז מיט דיזע מיטלען קען מען גאָר ניטשט אויספֿיהרען; דיזע שטרעבונג וואָלט געווען געגען דער טאַקטיק פֿון דער פּאַרטיי, וועלכע עס האָט פֿערוואָרפֿען די טראַדיציע פֿון אַ „מלחמה צווישען פּוילען און רוסלאַנד", וועלכע עס זעהט אין דער פֿאָרקומענדער רעוואָלוציע „אַ לאַנג דויערענדען געזעלשאַפֿטליכען פּראָצעס" און האַלט די רעוואָלוציע אין פּוילען פֿאַר אַ „טייל" פֿון דער רעוואָלוציע אין גאַנץ רוסלאַנד; דיזע שטרעבונג איז, ענדליך, ניט צוועק-

מעסיג, ווייל עס איז אַ ספק, אויב די אונאָבהענגיגע פוילישע רעפּובליק, אין די גרענצען פון רוסישען פוילען, וועט קענען זיין אַזאַ מלוכה-אָר-גאַניזם, וואָס איז פעהיג צו אַ זעלבסטשטענדיגען לעבען.

די אונאָבהענגיגע פוילישע רעפּובליק, זאָגט ווייטער פּ. פּ. ס. ,קען מען זיך פאָרשטעלען נאָר אין די גרענעצען פון אַלע דריי טיילען פון פוילען (רוסישען, עסטרייכען אין דייטשען) נאָר וועגען דעם קען איצ-טער קיין רייד ניט זיין, ווייל פעראייניגען אין איין גאַנצער מלוכה אַלע חלקים פון פוילען, וואָס איז פאַנאַנדער געטיילט געוואָרען צווישען דריי מלוכות, דאָס וואָלט הייסען איבערקעהרען מיט'ן קאָפּ אַראָב אַלע פּאָ-ליטישע פערהעלטניסען פון אייראָפּאַ.

צו קען דער רעיון פון אַ'ן אונאָבהענגיגען פוילען, וואָס האָט בע-קומען אַזאַ אינהאַלט, געהערען צו די שטרעבונגען פון פוילישען פראָ-לעטאריאַט, צו קען דיזער רעיון ווערען אַ פּראָגראַם-פאָדערונג פון דער פוילישער פראָלעטאַרישער פאַרטיי? ניין, געוויס ניין. דער איינציגער אַקט, וועלכער עס וואָלט געקענט דורכגעפיהרט ווערען דורך דעם קאַמפּף פון פוילישען פראָלעטאַריאַט — אָבטיילען פוילען פון רוסלאַנד — איז, ווי פּ. פּ. ס. איז אַליין מודה, אַ פאַנטאַזיע אין דערצו אַ שעד-ליכע פאַנטאַזיע. „די טעאָרעטישע מעגליכקייט" — צו פעראייניגען אַלע דריי טיילען פון פוילען געפינט זיך ניט אין דעם רשות פון פוילישען פראָלעטאריאַט און ווענד זיך אָן פּאָליטישע אומשטאַנדען, ביי וועלכע דער פראָלעטאַריאַט האָט ניט וואָס צו טהאָן, אָן דעם שפּיעל פון דער אייראָפּעאישער דיפּלאָמאַטיע.

פון דעם מאָמענט אָן זינד פּ. פּ. ס. האָט מודה געווען, אַז אָב-טיילען פוילען פון רוסלאַנד איז אַ'ן אוננוציגע אין שעדליכע פאַנטאַזיע, איז פאַר איהר גיפּאַ די פּראָגראַם-פאָדערונג פון אַ'ן אינאָבהענגיגער פוילישער רעפּובליק געוואָרען אַ פּיסטער חלום, אין פּוסטע חלומות זיינען שעדליך אין זיי טאָרען זיך אין פּראָגראַם ניט געפינען. מיר ווי-לען דערמיט ניט זאָגען, אַז די אונאָבהענגיגקייט פון פוילען איז שוין איצטער אונמעגליך, ווייל מיר קענען ניט פאָרזעהען אַלע סאָציאַל-פּאָ-ליטישע אומשטאַנדען, וואָס קענען אַרויסגערופען ווערען דורך די ענט-וויקלונג פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג און אין די טענדענצען פון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג, וואָס זיינען דורכגעפלאָכטען איינע מיט די אַנדערע, געפינען מיר קיין שום זאַך ניט, וועלכע זאָל איין מאָל פאַר אַלע מאָל אונמעגליך מאַכען אַזעלכע סאָציאַל פּאָליטישע אומשטאַנדען, וואָס וועלען גינסטיג זיין פאַר דער „אויפריכטונג" פון פוילען. מיר ווילען נאָר זאָגען, אַז אַזאַ מעגליכקייט, וועלכע מען קען זיך פאָרשטעלען, נאָר וועלכע עס איז אָבער ניט פערבונדען דירעקט מיט'ן קאַמפּף פון פראָלעטאַריאַט, טאָר זיך ניט געפינען אין דער פּראָגראַם, כאָטש אפילו דיזע מעגליכקייט איז ניט געגענזעצליך צו די יסודות פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג.

די אינאָבהענגיגע פוילישע רעפּובליק אין דער פּראָגראַם פון פּ. פּ. ס. — דאָס איז די ירושה, וואָס עס האָט איבערגעלאָזען די עפּאָכע פון דעם „רעוואָלוציאָנערען ראָמאַנטיזם"; אַז דיזע פאָדערונג האָט קיין שום זינען ניט בעוויזען גאַנץ קלאָר „די פּאָליטישע דעקלאַראַציע" פון דער ראַדע אין איהרע בעטראַכטונגען וועגען דער פראַגע פון אַ קאָנסטיטו-אירענדער פערזאַמלונג.

פּ. פּ. ס. פאָדערט אַ סואיוועריגע קאָנסטיטואירענדע פערזאַמלונג אין וואַרשוי. צוליעב וואָס? כדי צו דערגעהען, צו די בעפעלקערונג פערלאַנגט צו בלייבען פערבונדען מיט רוסלאַנד אָדער ניט, ניין. די גאַנצקייט פון דער רוסלענדער מלוכה טאָר די קאָנסטיטואירענדע

פֿערזאַמלונג ניט אָנריהרען, פּוילען דאַרף ניט צוריסען איהר מלוכה-בונר מיט רוסלאַנד, נאָר צוליעב דעם, כדי מען זאָל קענען פֿריי, ניט געצוואונגענערהייט, אָהן אַ שום איסערליכען דרוק בעשטימען וואָס פֿאַר אַ רעכטליכע לאַגע פּוילען דאַרף פֿערנעהמען אין דער רוסלענדער מלוכה, כדי אויסצואַרבייטען די אויטאָנאָמיע פֿאַר פּוילען און געבען איהר הסכמה אויף דעם „אָבמאַך" מיט דער קאָנסטיטואירענדער פֿערזאַמלונג אין פּעטערבורג, אַזוי, פּ. פּ. ס. פֿערזיכערט אונז (פּשעדסוויטש No. 4-5, דער אַרטיקעל וועגען גאַפּאַנס קאָנפֿערענץ), אַז דאָס וועט זיין גאָר אַן אַנדער מין אויטאָנאָמיע, זי וועט גאָר ניט ענליך זיין ניט צו די „לעבערליכע זעמסטוועס", ניט צו דער „זעלבסטפֿערוואַלטונג", וועלכע עס לויגט פֿאַר דער „וואַרשאַווער קוריער" מיט די אונאַדאָוצעס, ניט אַפּילו צו דער „ראַאָן-(Krojowy) אויטאָנאָמיע" פֿון פּ. ס ד. מיר גלויבען גערן, אַז עס וועט קיין שום דוגמא ניט זיין, נאָר אַן אויטאָנאָמיע וועט עס דאָך פֿאָרט זיין, און אַ'ן אויטאָנאָמיע, מען קען זי אפילו קאָכען אין עסיג און אין האָניג, בלייבט אַ'ן אויטאָנאָמיע און ווערט ניט אַ פּאָליטישע אונאָבהענגיגקייט. און אויב אַזוי, איז וואָס פֿאַר אַ זינען האָבען די טענות פֿון פּ. פּ. ס. וועגען אַ'ן „אָבמאַך", וועגען אַ „פּריוויליגען בונר"? קיין שום זינען האָבען זיי ניט, ווייל וויבאַלד אינזערע פּאָליטישע פֿאָדערונגען געהען ניט ווייטער פֿאַר אויטאָנאָמיע, אפילו פֿאַר דער ברייטערסטער, אפילו פֿון גאָר אַ בעזונדער מין אויטאָנאָמיע, וויבאַלד מיר ערקלערען לכתחילה, אַז עס איז אונמעגליך אָברייסען פּוילען פֿון רוסלאַנד (און פּ. פּ. ס. טהוט עס), זיינען מיר דערמיט גופא מודה, אַז דער „בונד" צווישען רוסלאַנד און פּוילען טאָר ניט אָנגעריהרט ווערען, וואָס עס זאָל זיך ניט טרעפען, ווי עס זאָל זיך ניט אויפֿפֿיהרען אונזער שותף, אונזער „קאָנטר-אַגענטען", מיר ווערען, הייסט עס, מרוצה מיט דעם „געצוואונגענעם בונר", ווייל דער „בונד" צווישען רוסלאַנד און פּוילען איז סיי נאָך זיין שורש, סיי נאָך זיין עצם וועזען אַ געצוואונגענער בונד, די ערקלערונג פֿון פּ. פּ. ס., אַז זי וועט אויף'ן „שאַרפֿסטען אופן" קעמפֿען געגען יעדער אָרדנונג, וועלכע עס וועט געבויט זיין אויף אַ געצוואונגענעם בונד צווישען פּוילען און רוסלאַנד (פֿון דער הספה צו דער רעזאָלוציע פֿון דער ראַדע וועגען דער פּוילישער פֿראַגע) איז אַ הוילע פֿראַזע, וועלכע עס האָט דעם ציעל צו פֿערבאָרגען די פֿאָלקאָמענע מפלה פֿון דער פּראָגראַם-פֿאָדערונג וועגען אונאַבהענגיגקייט.

ווייטער, מיט וואָס פֿאַר אַ טעמים ערקלערט פּ. פּ. ס. די פֿאָדערונג פֿון אַ סאויוערענער קאָנסטיטואירענדער פֿערזאַמלונג פֿאַר פּוילען? נור מיט דעם רעכט פֿון דער פּוילישער נאַציאָן אויף זעלבסטבעשטימונג.

מיר זיינען געוואָהנט געוואָרען צו הערען פֿון פּ. פּ. ס. וועגען אַ פֿרייען פּוילען, אַלס אַ שוץ פֿאַר מערב-אייראָפּאַ געגען דער רוסישער רעאַקציע, וועגען דער הויכער קולטור פֿון דעם אינדוסטריעלען פּוילען צום היפך פֿון דער ניעדריגער קולטור פֿון רוסלאַנד, וואָס בעשעפֿטיגט זיך דער עקר מיט ערד-אַרבייט, וועגען דעם, אַז דאָס אָבגעשטאַנענע פּויערשע רוסלאַנד שטעפּט צוריק דאָס פּראָגרעסיווע אינדוסטריעלע פּוילען; מען פֿלעגט אונז ברענגען ציטאַטען פֿון מאַרקס און ענגעלס וועגען דער פּוילישער פֿראַגע, די מיינונג פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַל א. ז. וו. פֿון דיזע אַלע טראַדיציאָנעלע טעמים איז געבליבען נאָר אַ פּסטער אָרט. זיי זיינען פֿערשוואונדען געוואָרען. האָבען געהאַט אויף אַזאַ ביטערען מזל ווי די פֿאָדערונג פֿון אונאַבהענגיגקייט. אָנשטאָט זיי איז אויפֿגעקומען דאָס רעכט אויף זעלבסטבעשטימונג.

מיר היבען ניט אָן צו פֿערשטעהן, ווי אַזוי קען מען פֿון דעם

זעלבסטבעשטימונגס-רעכט פֿון דער פּוילישער נאַציאָן אַרויסדרינגען די פֿאָדערונג פֿון אַ סואווערענער פֿערזאַמלונג פֿאַר פּוילען, ד. ה. פֿאַר אַ לאַנד, וואו עס וואָהנען, אַ חוץ פּאָליאַקען נאָך אַנדערע פֿעלקער, ווי יודען, דייטשען און רוסען. נאָר דאָס איז שוין דער געוועהנליכער לאָגישער פֿעהלער פֿון אַלע יענע, וועלכע עס מישען צונויף אין איינעם דעם בעגריף פֿון נאַציאָן מיט טעריטאָריאום און מלוכה. נאָר מיר וועלען וועגען דעם ניט רעדען. נומיר אויף אַ ווייל מסכים זיין מיט פּ. פּ. ס. און אָננעהמען איהר געדאַנקען-גאַנג: אַזוי ווי די פּוילישע נאַציאָן האָט דאָס רעכט אויף זעלבסטבעשטימונג, במילא מוז אין וואַרשוי צונויפֿגערופֿען ווערען אַ קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג מיט דער אויבערשטער (זואווערענער) מאַכט איבער פּוילען. מען מוז זיין קאָנזעקווענט. דאָס רעכט אויף זעלבסטבעשטימונג האָבען ניט נור די פּאָליאַקען, נאָר אויך די ליטאָווצעס, לאָטישען, קליין-רוסען, אַרמענער, גרוזינער א. ז. וו. אויב פּ. פּ. ס. איז גערעכט, מוזען מיר פֿאָדערען אַ סואווערענע קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג ניט נאָר פֿאַר פּוילען, נאָר אויך אַזעלכע קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונגען פֿאַר ליטאָ, באַלטישען געגענד, אוקראַינע, גרוזיען, רוסישען אַרמעניען א. ז. וו. אויב אַ נזער פֿאָדערונג וועט פֿערווירקליכט ווערען וועלען מיר בעקומען אַזאַ מין בילד: אין די פֿערשיעדענע עקען פֿון רוסלאַנד און אין פּעטערבורג קומען פֿאַר די זיצונגען פֿון די סואווערענע קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונגען, פֿון וועלכע יעדערע אַרבייט זעלבסטשטענדיג, אומאַבהענגיג פֿון די אַנדערע, און וועלכע זיינען ניט מחויב צו רעכנען זיך דערמיט, וואָס אַנדערע טהוען; ווען די אַרבייטען האָבען זיך געענדיגט, קומען זיך צונויף די פֿאָרשטעהער פֿון די סואווערענע פֿערזאַמלונגען אין אַ פֿעראייניגונגס קאָמיסיע, אין אַ מין איבער-קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג, כדי אויסצואַרבייטען די תנאים פֿון פֿעראייניגונג, וועלכע זאָלען אַלעמען בעפֿריעדיגען, און כדי צו פֿערפֿעסטיגען זיי אין אַן „אָבמאַך". מען זעהט, אַז עס איז אַ מעשה אָהן אַ סוף, אַז אויף אַזאַ אופן וועט רוסלאַנד קיין מאָל קיין קאָנסטיטוציע ניט בעקומען.

ווי עס זיינען ניט וויכטיג די פּאָליטישע און טעכנישע שוועריגקייטען, אויף וועלכע מיר האָבען אָנגעוויזען, איז דאָך ניט אָן זיי די מניעה. דער שווערפּונקט פֿון דער פֿראַגע ליעגט אין איין אַנדער אָרט, אין די אינטערעסען פֿון דער רעוואָלוציע. אויב אין די פֿערשיעדענע ערטער פֿון רוסלאַנד וועלען גלייכצייטיג עקסיסטירען עטליכע סואווערענע קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונגען, פֿון וועלכע יעדערע וועט על פּי נויט אַריינגעטהאָן זיין אין די אינטערעסען און די בעדערפֿניסען פֿון איהר טעריטאָריאום, — וועט עס צערגליעדערען די קרעפֿטען פֿון דער רעוואָלוציע און וועט עפֿענען אַ ברייטען וועג פֿאַר די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע גאַנגען פֿון דער רעאַקציע; דיזע רעאַקציע וועט דאָך אויף מאָרגען נאָך דער פּאָליטישער איבערקעהרעניש ניט זיין אין גאַנצען אַ דערשטיקטע און וועט זיך נור בעהאַלטען, וואַרטענדיג אויף אַ גוטער געלעגענהייט, ווען איהר וועט בעסער פּאַסטען אָנפֿאַלען אויף דער נור וואָס ערקעמפֿטער פֿרייהייט. דאָס איז איינס. צווייטענס, וועט די קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג אין פּעטערבורג, אויף וועמענס גורל עס וועט אויספֿאַלען די גרעסטע אחריות און די שווערסטע און וויכטיגסטע אַרבייט בנוגע צו דער איבערבויאונג פֿון רוסלאַנד, בערויבט ווערען פֿון די לעבעדיגערע ראַדיקאַלע און רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען, וועלכע עס שטאַמען פֿון די אונטערדריקטע נאַציאָנען און וועלכע עס וועלען פֿערנומען זיין מיט דער אַרבייט אין די קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונגען פֿון די גרענצ-

לענדער. אויף אַזאַ אופֿן וועט די וויכטיגסטע פּאָזיציע פֿון דער רעוואָלוציע, די פּאָזיציע, וועלכע די רעאַקציאָנערען וועלען זיך מיט אַלע כּחות שטאַרען צו צערדרודערען, איבערגעלאָזען ווערען אָהן אַ געהעריגען שוץ. די אַרבייט פֿון דער רעאַקציע וועט נאָך פֿערגרינגערט ווערען דורך דעם, וואָס ווי באַלד נור עס וועלען עקסיסטירען עטליכע קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונגען, וועט שוין די רעוואָלוציע ניט האָבען קיין פֿעראייניגענדען צענטער.

כדי די רעוואָלוציע זאָל קענען ווי געהעריג איז ערפֿילען איהר אויפֿגאַבע אין דעם געפֿערליכסטען און שווערסטען מאָמענט, ד. ה. תיכף נאָך דעם קראַך פֿון דעם אַלטען רעזשים, ווען עס קומט אויס איינצופֿונדעווען אין ווייטער ענטוויקלען די פּאָליטישע און סאָציאַלע געווינסטען פֿון דער רעוואָלוציע, איז נויטיג, אַז אַלע רעבעריגע קרעפֿטען פֿון לאַנד זאָלען געהן מיט איין וועג, אין איין ריכטונג, און זאָלען זיך קאָנצענטרירען אין איין פּונקט. דיזע קאָנצענטרירונג איז מעגליך צו דערגרייכען נור ביי איין תנאי: אויב פֿאַר דער גאַנצער רוסלאַנדער מדינה וועט עקסיסטירען נור איין סואווערענע קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג.

דאָס פֿאָדערען ניט נור די העכערע אינטערעסען פֿון דער רעוואָלוציע, נאָר אויך די אינטערעסען פֿון די איינצעלנע טיילען פֿון רוסלאַנד. נומיר נעהמען פּוילען. נאָך דעם פּלאַן פֿון פּ. פּ. ס. קומט אויס, אַז די סואווערענע קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג אין וואַרשוי וועט אַרויסגעהן ביי איהרע אַרבייטען פֿון דעם געדאַנק, אַז פּוילען דאַרף בלייבען פֿערבונדען מיט רוסלאַנד אין דעריבער וועט זי ביי דער דורכפֿיהרונג פֿון איהר רצון ניט ווענדען זיך צו מאַכט, ד. ה. זי וועט ניט זאָגען, אַז אויב מען וועט איהר ניט פֿאָלגען, וועט זי אַרויסשטעלען די בעוואַפֿענטע מאַכט פֿון דער פּוילישער רעוואָלוציע געגען רוסלאַנד, נאָר זי וועט זיך שטאַרען אויספֿיהרען, אַז מען זאָל דורכקומען מיט גוטען און מען זאָל אָבמאַכען אַ פּשרה אין אַ בעזונדערע קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג, וועלכע עס וועט בעשטעהן פֿון פֿאָרשטעהער פֿון די איינצעלנע סואווערענע קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונגען. עס פֿרעגט זיך, וואָס פֿאַר אַ מעלות וועט האָבען דיזע פּשרה-קאָמיסיע לגבי דער איינציגער צענטראַלער אַלרוסלאַנדער קאָנסטיטואירענדער פֿערזאַמלונג? ווען מען זאָל גוט בעטראַכטען דעם ענין, מוז מען מודה זיין, אַז אַזאַ קאָמיסיע, וואָס איז געבילדעט געוואָרען נאָך דער סיסטעם פֿון צוויי-גראָדיגע וואַהלען, וועט ניט נור קיינע מעלות ניט האָבען, נאָר זי וועט שטעהען אַ סך נידעריגער פֿון אַ פֿערזאַמלונג, וואָס איז צונויפֿגערופֿען געוואָרען אויפֿ'ן גרונד פֿון אַלגעמיינער און דירעקטער אָבשטימונג. אין אַזאַ פֿערזאַמלונג, וועלכע עס שטיצט זיך דירעקט אויף דעם פֿאָלק און וועלכע עס שעפּט איהרע קרעפֿטען פֿון דער ענגער פֿערבינדונג מיט דעם פֿאָלק, וועלען די פּאָליאַקען אַ סך מעהר שאַנסען האָבען צו פֿערווירקליכען זייערע פֿערלאַנגען, איידער אין אַ קאָמיסיע, וואָס איז אָבגעטיילט געוואָרען פֿון פֿאָלק דורך די מחיצה-וואַנד פֿון די איינצעלנע קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונגען און אין וועלכער דער קאַמפּף צווישען די פֿאָרשטעהער פֿון דיזע פֿערזאַמלונגען וועט געוויס אָננעהמען אַ שאַרפֿע און אַן אונגעהייערע פֿאָרם. אין דיזען פֿאַל, וועלכער עס וועט אַ סך נוצליכער זיין פֿאַר די פּאָליאַקען, ד. ה. אין דעם פֿאַל, ווען מען וועט די פּוילישע פֿראַגע אַריבערטראָגען אין דער קאָנסטיטואירענדער פֿערזאַמלונג פֿון גאַנץ רוסלאַנד, און ניט אין דער פּשרה-קאָמיסיע — אַ'ן איינריכטונג, וועלכע עס איז גאָר ניט צוגעפּאַסט געוואָרען צו דער גרויסער און שווערער אויפֿגאַבע, וואָס זי וועט דאַרפֿען אויספֿיהרען. — וועלען מיר, פֿערשטעהט זיך, ניט האָבען קיין „אָבמאַך" צווישען פּוילען און רוסלאַנד,

נאָר דער עקר איז דאָך ניט דער עטיקעט, נאָר דער אינהאַלט, וועלכער עס וועט אין ריזען פאַל זיין ברייטער אין רייכער.

דאָס, וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען פוילען, איז אויך ריכטיג פאַר יעדער אַנדער טעריטאָריאום פון דער רוסלאַנדער מלוכה. אויף אַזאַ אופן זעהען מיר, אַז אין דעם פאַל, וועלכער עס אינטערעסירט אונז דאָ, שטימען פאָלקאָמען די אינטערעסען פון דער רעוואָלוציע מיט די אינטערעסען פון די איינצעלנע טיילען פון רוסלאַנד.

——

# קויטסקי וועגען דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין רוסלאַנד. *)

## I

עס איז נאַטירליך אינמעגליך פֿאָלקאָמען צו בעטראַכטען די נאַציאָנאַלע פֿראַגע אין אַ קורצען אַרטיקעל פֿון עטליכע וועניגע זייטען. די נאַציאָן איז דאָך ניט אַזאַ מין געזעלשאַפֿטליכער קערפּער, וואָס איז איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל געשאַפֿען געוואָרען פֿון דער נאַטור, ווי דאָס רעכענען יענע געלעהרטע, וועלכע עס זוכען אין דער נאַציאָן די סימנים פֿון דער ראַסע; ניין, די נאַציאָן איז אַזאַ מין געזעלשאַפֿטליכער קערפּער, וועלכער עס ווערט אויסגעשאַפֿען אין די פֿערשיעדענע צייטען דורך די פֿערשיעדענסטע בעדינגונגען, וועלכער עס נעהמט אָן פֿערשיעדענע פֿאָרמען, ענטוויקעלט זיך און ווערט פֿערענדערט אין פֿערלויף פֿון דער געשיכטע. אפילו ביי די היינטיגע קולטור-פֿעלקער איז דער בעגריף פֿון דער נאַציאָנאַליטעט זעהר פֿערשיעדען, לויט נאָך דער בעזונדערער געשיכטליכער ענטוויקלונג, וואָס יעדערע פֿון זיי האָט דורכגעמאַכט. אין אַ יעדערען פֿון אונזערע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסען קומען דערפֿון אַרויס, ווי עס איז בעקאַנט, גאַנץ היבשע שוועריגקייטען. נעהמט די פֿראַנצויזישע נאַציאָן, די איריש, די אַוסטראַרישע, די יידישע, די אַרמענישע, — יעדערע פֿון זיי בעדייטעט עטוואָס גאַנץ אַנדערס.

נאָר ווי עס זיינען ניט פֿערשיעדען די געשיכטליך אייגענטהימליכע נאַציאָנען, איין זאַך זעהען מיר ביי זיי אַלעמען: די געמיינזאַמע שפּראַך. ניט אַלע, וואָס רעדען אויף איין לשון, געהערען אַלע מאָל צו איין נאַציאָן, אָבער אַלע די מיטגליעדער פֿון אין דער זעלבער נאַציאָן רעדען אַלע מאָל אויף דעם זעלבען לשון. די שפּראַך איז טאַקי דער וויכטיגסטער געזעלשאַפֿטליכער פֿערבינדונגסמיטעל, אָהן אַ געמיינזאַמער שפּראַך איז קיין שום געמיינזאַמע געזעלשאַפֿטליכע טהעטיגקייט ניט מעגליך.

אָבער די נאַציאָנאַלע אָדער די שפּראַכליכע איינהייטליכקייט זיינען ניט אַלע מאָל פֿערבונדען מיט דער איינהייטליכקייט פֿון דער מלוכה, דערפֿון קומען אַרויס די כסוכים, פֿון וועלכע עס בעשטעהען די איצטיגע נאַציאָנאַלע פֿראַגען.

איידער עס איז אייפֿגעקומען דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופֿן, איז פֿאַר איין מליכה ניט שווער געווען צו האַלטען אין איהר רשות די פֿערשיעדענסטע נאַציאָנאַליטעטען. למשל, אַ וועלכע ניט איז מיטעלאַלטערליכע אָדער מזרח'דיגע מלוכה האָט געקענט בעשטעהען פֿון אַ צונויפֿמישונג פֿון די פֿערשיעדענסטע געמיינדען, געגענדען און קאַנטען, וועלכע עס האָבען צווישען זיך געהאַט זעהר קליינע בעציהונגען, פֿלעגען אַליין איינאָרדנען זייערע אינגערע אינוועניגסטע ענינים, פֿלעגען יעדערע פֿאַר זיך פֿיהרען זייערע עסקים, זייערע בעציהונגען מיט דער צענטראַלער מאַכט, אין דערביי פֿלעגען דיזע בעציהונגען כמעט דורכ-

---

*) פֿון דעם אַרטיקעל, וואָס קויטסקי האָט אָנגעשריבען אַלס אַ פֿאָררעדע צו דער אַרמענישער אייסגאַבע פֿון ערפֿורטער פּראָגראַם. דיזער אַרטיקעל איז אויך אָבגעדרוקט אין דער לייפּציגער „פֿאָלקס-צייטונג" No 86, פֿון 29-טען אַפּריל 1905.

אויס בעשטעהען אין דעם, וואָס מען פֿלעגט פֿעסטשטעלען ווי הויך עס זאָלען זיין די אָבצאָהלונגען, מיט וועלכע די צענטראַלע מאַכט האָט געקענט טהאָן, וואָס זי האָט געוואָלט. יעדערע פֿון דיזע געמיינדען אָדער געגענדען האָט געקענט געהערען צו אַ'ן אַנדער נאַציאָן, די צענטראַלע מאַכט האָט ווידער געקענט שטאַמען פֿון אַ בעזונדערער נאַציאָנאַליטעט, און דאָס האָט גאָר נישט אויסגעמאַכט. דערפֿאַר איז אָבער אויך דער צוזאַמענבונד פֿון אַזעלכע מלוכות געוועזען זעהר אַ שוואַכער. אַ גליק-ליכער קריעגספֿיהרער האָט פֿאַר איין נאַכט געקענט צוזאַמענבאַפּען אַ גאַנצע אימפּעריע; פֿערקעהרט, איין פֿערלאָרענע שלאַכט האָט געקענט צוריסען אַזאַ אימפּעריע אויף טויזענד חלקים.

דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופֿן האָט געבראַכט דערצו, אַז עס האָט זיך פֿערפֿיהרט אַ לעבעדיגער פֿערקעהר ווי צווישען די איינצעלנע געמיינדען אין געגענדען, אַזוי אויך צווישען יעדערער פֿון זיי און די צענטרען פֿון מסחר און אינדוסטריע אין דער מלוכה. ער האָט מבטל געווען די אָבגעזונדערטהייט פֿון די איינצעלנע געגענדען, האָט אויפֿגעשטעלט אַ'ן ענגע פֿערבינדונג צווישען זיי; ער האָט פֿער-אינטערעסירט אין דער פֿערוואַלטונג אין אין דער פֿאָרם פֿון דער מלוכה צוערשט יענע קלאַסען, וואָס שטעהען נעהנטער צו דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן — די קאַפּיטאַליסטען, די אינטעליגענץ, דעם אינדוסטרי-עלען פּראָלעטאַריאַט, די קליינבורזשואַזיע פֿון די גרויסע שטעדט, אָבער ביסלעכווייז אפילו אויך די קליינשטעדטעלדיגע קליינבורזשואַזיע און די בויערים. די דעמאָקראַטישע שטרעבונגען פֿון די אונטערסטע דעמאָ-קראַטישע קלאַסען זיינען דעריבער אַרויס פֿון די ענגע גרענעצען פֿון דער געמיינדע אָדער געגענד און האָבען זיך פֿערשפּרייט אויף דער גאַנצער מלוכה; עס איז געוואָרען נויטיג דעמאָקראַטיש איינצואָרדנען די מלוכה גופא. אָבער צו גלייכער צייט האָבען די נאַציאָנאַלע פֿער-שיעדענהייטען וואָס ווייטער אַלץ מעהר געשטערט אויפֿצושטעלען אַ'ן איינהייטליכע מלוכה. יענע מלוכות, אין וועלכע אַלע האָבען גערעדט אויף איין לשון, זיינען געוואָרען די מעכטיגסטע און האָבען זיך אויף'ן שטאַרקסטען אופן צוזאַמענגעבונדען. אין די מלוכות מיט עטליכע לשונות האָט זיך, פֿערקעהרט, אָנגעהויבען אַ קאַמפּף צווישען די איינצעלנע נאַציאָנען. די סבה דערפֿון איז געלעגען אין דעם, וואָס די היינטיגע מלוכה האָט זיך אומעטום געציעלט, אַז אין איהרע גרענעצען זאָל דער לשון, דער מעכטיגסטער פֿערבינדונגסמיטעל פֿון דער געזעלשאַפֿט, איינהייטליך ווערען; די פֿאָלקסבילדונג, די ענינים פֿון דער מלוכה-פֿערוואַלטונג און פֿון געריכט זאָלען געפֿיהרט ווערען אויף איין און דער זעלבער שפּראַך. יענע נאַציאָן, וועמענס לשון מען האָט צוליעב דיזען צוועק אויסגעקליבען, האָט דורך דעם גופא בעקומען זעהר גרויסע פּאָ-ליטישע און עקאָנאָמישע פּריווילעגיעס לגבי די איבעריגע נאַציאָנען. דאָס האָט, פֿערשטעהט זיך, אַרויסגערופֿען דעם גרעסטען ווידערשטאַנד פֿון די נאַציאָנען, וואָס האָבען דערפֿון געליטען. וואָס מעהר עס אנטוויקעלט זיך דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס-אופן, וואָס שטאַרקער עס ווערען די בעשטרעבונגען צו בעשאַפֿען אַ'ן איינהייטליכע מלוכה, אַלץ מעהר וואַקסען אויס אין דיזער מלוכה ניט נור די אַלגעמיין-דעמאָקראַ-טישע בעשטרעבונגען, נאָר אויך דער נאַציאָנאַלער קאַמפּף, אויב נור עס געהען אין איהר אַריין עטליכע נאַציאָנען. ביידע, די דעמאָקראַטישע בעשטרעבונגען און דער נאַציאָנאַלער קאַמפּף, זיינען קינדער פֿון איין מוטער און זיינען נאָטווענדיג פֿערבונדען מיט דער היינטיגער ענטוויקלונג.

פֿון דער אַנדער זייט, וואָס לעבעדיגער עס ווערט דער פֿערקעהר, אַלץ לייכטער פֿערשפּרייטען זיך די זעלביגע אידעען צווישען די מיט-

גליעדער פֿון איין נאַציאָן, וועלכע עס געהערען צו פֿערשיעדענע מלוכות; און וואָס העפטיגער עס פֿלאַקערט זיך פֿאַנאַנדער דער נאַציאָנאַלער קאַמפף, אַלץ שטאַרקער פֿיהלט יעדע נאַציאָן, ווי נויטיג עס איז איהר ענגער צו פֿערבינדען אַלע איהרע טיילען, אַלץ מעהר זעהט זי דרינגען דעם בעסטען מיטעל אויף צו ענטוויקלען פֿאָלקאָמען אַלע איהרע קרעפֿטען. אַזוי זעהען מיר, אַז דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס אופּן רופֿט אַרויס ביי די נאַציאָנען, וועלכע וואָהנען אין עטליכע לענדער, וואָס געפֿינען זיך איינע נעבען די אַנדערע און געהערען אָבער צו פֿערשיעדענע מלכות, די בעשטרעבונג צו פֿעראייניגען דיזע אַלע לענדער אין אַ'ן איינציגע מלוכה, און במילא הייסט עס אָבטיילען זיך פֿון זייערע פֿריהערדיגע מלוכות.

דיזע נאַציאָנאַלע טענדענץ ווערט אויך אַזוי ווי די ערשטע, וועגען וועלכער מיר האָבען אויבען גערעדט, נויטווענדיג אַרויסגערופֿען דורך דער היינטיגער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, און מען קען זי אויך אַזוי וועניג אָבהאַלטען ווי דיזע ענטוויקלונג גופא. דאָרטען, וואו אַזעלכע נאַציאָנאַלע טענדענצען קעמפּפֿען, אַז מען זאָל זיי אַנערקענען, מוז יעדע מאָדערנע פּאַרטיי, אויך די פֿערטרעטערין פֿון פּראָלעטאַריאַט, די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, רעכענען זיך מיט דיזער נויטווענדיגקייט; פונקט אַזוי ווי זי שטיצט אונטער די בעשטרעבונגען איינצואָרדנען די מלוכה אויף דעמאָקראַטישע יסודות, מוז זי אויך אונטערשטיצען די בעשטרעבונגען פֿון די איינצעלנע נאַציאָנען, צווישען וועלכע זי לעבט און ווירקט, צו פֿעראייניגען זיך אין איין מלוכה און צו דערשלאָגען זיך צו נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיגקייט. אין דעם זינען מוז זי זיין אויך אַזוי נאַציאָנאַל, ווי דעמאָקראַטיש.

אָבער פונקט אַזוי ווי זי קען ניט און טאָר ניט זיין אַ בורזשואַזע-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, אויך אַזוי קען זי ניט זיין און טאָר ניט זיין נאַציאָנאַליסטיש אין דעם זעלבען זינען, ווי די הערשענדע קלאַסען. איהר נאַציאָנאַלע און איהר דעמאָקראַטישע פּאָליטיק מוז צוגעפּאַסט זיין צום עצם פֿון דעם פּראָלעטאַרישען קלאַסענקאַמפף, און דורך דעם בעקומט זי אַ'ן אויגענטימליכען כאַראַקטער.

## II.

קודם כל מוז די סאָציאַלדעמאָקראַטיע אַרויסטרעטען געגען יענעם רעאַקציאָנערען נאַציאָנאַליזם, פֿאַר וועלכען עס שטעהען די קלאַסען, וואָס זיינען רעאַקציאָנער אין עקאָנאָמישער בעציהונג — ווי דער אדעל, די קליינבירגער און זייערע אידעאָלאָגען. דיזע קלאַסען קוקען אויף די נאַציאָנאַלע ציעלען ניט ווי אויף אַ נייער זאַך, וואָס האָט איהר שרש אין די איצטיגע פֿערהעלטניסען, נאָר זיי דרינגען אַרויס דיזע ציעלען פֿון די אַלטע טראַדיציעס, וועלכע זיי ווילען ווידער אויפֿוועקען צו תחית-המתים. ביי די נאַציאָנען, וואָס האָבען אַ גלענצענדע היסטאָריע, קען זיך צייטענווייז טרעפֿען, אַז מיט דיזער בעשטרעבונג זאָלען זיך בעגייסטערן אויך אַזעלכע אידעאָלאָגען, וואָס אין אַנדערע פרטים קען מען זיי פֿאַר רעאַקציאָנערען ניט רעכענען.

די דייטשע ליבעראַלען האָבען, למשל, אַ גרויסען חשק צו בעטראַכטען די איינהייט פֿון דער דייטשער מלוכה אַלס די אויפֿלעבונג פֿון דער מיטעלאַלטערליכער דייטשער אימפּעריע; די טשעכען, אויך די דעמאָקראַטישע, וואָלטען וועלען ווידער אויפֿשטעלען די מדינה פֿון די אַלטע בעהמישע קיסרים; צווישען די פּאָליאַקען לעבט נאָך דער טרוים ווידער אויפֿבויען דאָס אַלטע פּוילען. וואָס עס טהוט זיך אין דעם

פרט ביי די אַרמענער, ווייס איך ניט, מסתּמא קומט דאָרטען אויך דאָס זעלבע פֿאָר. און מען דאַרף ניט פֿערגעסען, אַז דיזע אַלע מדינות זיינען גאָר ניט געוועזען קיינע נאַציאָנאַלע מליכות, ווי מען פֿערשטעהט איצטער דיזען בעגריף, ווייל פֿאַר דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס-אופן זיינען דאָך די יסודות פֿון דער מלוכה געוועזען גאַנץ אַנדערע און ניט נאַציאָנאַלע. די רוימישע מלוכה פֿון דער דייטשער נאַציאָן, איבער וועלכער עס האָבען געהערשט די האָהענשטאַאופֿען, האָט פֿערנומען דעם שטח פֿון דענעמאַרק ביז סיציליען; די פּשעמיסלידען, וואָס זייער כסא-המלוכה איז געוועזען אין פּראַג, האָבען אין דער צייט פֿון זייער גרעסטער מאַכט געהערשט איבער אַ לאַנד, וועלכע עס האָט זיך געצויגען פֿון די ריעזענגעבערג ביז צום אַדריאַטישען ים, ד. ה., כמעט איבער דאָס גאַנצע טעריטאָריום פֿון דעם היינטיגען עסטרייך, אַ חוץ אונגאַרן און גאַליציען. די מדינה פֿון די פּוילישע יאַגעלאָנען האָט פֿערנומען דעם גאַנצען שטח פֿון פּאָזען ביז קיעוו און נאָוואָגאָראָד, און אונטער זייער הערשאַפֿט האָבען זיך אויף אַזאַ אופן געפֿונען ניט נור פּאָליאַקען, נאָר אויך דייטשען, ליטאָווצעס, רוסען, קאָזאַקען; אין דער אַרמענישער מדינה, וואו עס האָט געהערשט טיגראַן, האָבען אויך געלעבט די פֿערשיעדענסטע נאַציאָנען.

אויפֿריכטען די אַלטע גדולה—דאָס הייסט אָבגעבען זיך מיט דעם געדאַנק לעבעדיג צו מאַכען מתים. נאָר אפילו פֿאַנטאַזירען וועגען דעם איז אויך שעדליך, ווייל דיזע פֿאַנטאַזיעס קעהרען אָב דעם בליק פֿון די ווירקליכע פֿערהעלטניסען און זיי אונטערשטיצען אַלע רעאַקציאָנערע בעשטרעבונגען.

נאָר אפילו צו די מאָדערנע בעשטרעבונגען פֿון די בורזשואַזע פּאַרטייען אויפֿצובויען ווירקליכע נאַציאָנאַלע מלוכות קען אויך די סאָציאַלדעמאָקראַטיע בלינדערהייט ניט צושטעהן. אויב די סאָציאַלדעמאָקראַטיע דאַרף האַלטען פֿאַר אַ יושר די בעשטרעבונגען צו נאַציאָנאַלער אונאָבהענגיגקייט און זי מוז זיך מיט זיי רעכענען, איז נאָך דערפֿון ניט געדרונגען, אַז זי מוז אונטערשטיצען יעדע פֿאָרם, וועלכע דיזע בעשטרעבונגען האָבען אָנגענומען. און דיזע פֿאָרמען קענען זיין זעהר פֿערשיעדען.

אַזוי, למשל, זעהען מיר ביי די פֿערשיעדענע נאַציאָנען, וואָס וואָהנען אין די גרענץ-לענדער פֿון רוסלאַנד, ווי פֿינען, לאַטישען, פּאָליאַקען, אוקראַאינער, פֿערשיעדענע קאַווקאַזער פֿעלקער אַ שטאַרקען בעגעהר צו זעלבסטשטענדיגקייט, אַ בעגעהר, וועלכער עס האָט געבראַכט צו דער שטרעבונג אויסטהאָן זיך פֿון יעדער פֿערבינדונג מיט דער רוסישער מדינה, אָברייסען זיך מיט געוואַלט פֿון רוסלאַנד און מאַכען די דערמאָנטע געגענדען פֿאַר זעלבסטשטענדיגע מלוכות. נאָר דאָס אַלין גילט בנוגע צו דעם זעלבסטהערשענדען רוסלאַנד. זאָל אָבער די זעלבסטהערשונג פֿערביטען ווערען דורך אַ דעמאָקראַטישער אָרדנונג, דאַן קען די שטרעבונג פֿון דיזע נאַציאָנען צו זעלבסטשטענדיגקייט בעפֿריעדיגט ווערען אויך אויף אַ'ן אַנדער אופן: זיי בלייבען פֿערבונדען מיט דער רוסישער מדינה, אָבער דיזע מדינה ווערט איבערגעבויט אויף אַנדערע יסודות, זי בעקומט אַ כאַראַקטער פֿון אַ מלוכה-בונד פֿון די „פֿעראייניגטע שטאַטען פֿון רוסלאַנד". דערינען קען אפילו ליעגען די טובה פֿון די איינצעלנע נאַציאָנען. די ענגלישע קאָלאָניען טראַכטען אפילו ניט אָברייסען זיך פֿון ענגלאַנד איינפֿאַך דערפֿאַר, ווייל זייער זעלבסטשטענדיגקייט איז אַ סך זיכערער, ווען זיי זיינען פֿערבונדען מיט דעם מעכטיגען ענגלאַנד, איידער ווען זיי וואָלטען געווען איזאָלירט און יעדערע פֿון זיי וואָלט אויף איהר אייגענער ריזיקאָ געדאַרפֿט האָבען

צו טהאָן מוט די פֿערשיעדענע גרויסע מלוכות פֿון דער וועלט.

דער זעלבער טעם וואָלט געקענט צווינגען אפילו די שטאַרקסטע פֿון די נאַציאָנען, וואָס וואָהנען אין די גרענצלענדער פֿון רוסלאַנד, אפילו די נאַציאָנען מיט די לעבעדיגסטע נאַציאָנאַלע געפֿיהלען ניט צו פֿאַנאַנדערדרייסען דעם בונד מיט דער גאַנצער רוסישער אימפעריע. גראַדע פֿאַר די פּאָליאַקען — און דאָס זעלבע קען מען אויך זאָגען וועגען די אַרמענער — בעשטעהט די נאַציאָנאַלע פֿראַגע ניט בלויז אין דער אונאָבהענגיגקייט פֿון דער צאַרישער מלוכה, נאָר אויך אין דער פֿעראייניגונג פֿון די פֿערשיעדענע טיילען פֿון דער נאַציאָן אין איין און דער זעלבער מלוכה. וועלכע פֿאָרמען דיזע שטרעבונג זאָל אין דער פראַקטיק ניט אָננעהמען, אין יעדען פֿאַל וועלען די פּאָליאַקען און אויך די אַרמענער אַ סך מעהר דערביי דערגרייכען, ווען זיי וועלען זיך שטיצען אויף אַ מעכטיגען רוסלאַנד, איידער ווען זיי וועלען אַוויסטרעטען געגען איהם.

צו וועלען די נאַציאָנאַלע בעשטרעבונגען פֿון די פּאָליאַקען און די אַנדערע גרענצפֿעלקער פֿון רוסלאַנד בריינגען צו דעם בעגעהר אָבצורייסען זיך פֿון דער רוסלענדער מדינה אָדער צו דעם בעגעהר איבערצובויען די מדינה אויף פֿעדעראַטיווע יסודות — דאָס ווענדט זיך אויף אַ סך אָן די פֿאָרמען, וועלכע עס ווערט אָננעהמען די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד גופא. איך האָב איבען אָנגעוויזען אויף די פֿריינדליכע פֿערבינדונגען צווישען ענגלאַנד און די קאָלאָניעס. דיזע בעציהונגען וואָלטען אונמעגליך געוועזען אין אַ ביוראָקראַטיש צענטראַליזירטער מלוכה; זיי זיינען מעגליך נור ביי אַ דעמאָקראַטישער אָרדנונג. וואָס מעכטיגער עס וועט זיין דער אַנטייל פֿון דעם פראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָלוציע פֿון רוסלאַנד, אַלץ מעהר וועט די רעוואָלוציע זיין ניט בלויז אַ ליבעראַלע, נאָר אַ ווירקליך דעמאָקראַטישע, אַלץ אַ גרעסערע צוציהונגס-קראַפֿט וועט די אימפעריע האָבען פֿאַר איהרע גרענין-נאַציאָנען, אַלץ מעהר וועט זיי בעסער געפֿעלען צו זיין אין אַ פֿרייען בונד מיט איהר, איידער צו קעמפּפֿען געגען איהר, און פֿערקעהרט, וואָס ווייניגער עס וועט זיך איינגעבען אומצוענדערן דעם איצטיגען רעזשים פֿון רוסלאַנד, אַלץ מעהר וועט די רעוואָלוציע אין די גרענין-לענדער אָבגעבען זיך מיט סעפּאַראַטיסטישע בעשטרעבונגען.

נאָר וואָס מעהר דעמאָקראַטישער רוסלאַנד וועט ווערען, אַלץ ווע-ניגער וועט די מערב-אייראָפּעאישע דעמאָקראַטיע פֿעראינטערעסירט זיין דערינען, אַז די פוילישע רעוואָלוציע זאָל בריינגען צו דער אָברייסונג פֿון פוילען פֿון דער רוסישער מדינה. דיזע אָברייסונג האָט אויסגעוויזען פֿאַר נויטיג כל זמן עס איז קיין שום האָפֿנונג ניט געוועזען איינצוברעכען דעם רוסישען אַבסאָלוטיזם מיט די אינווענינגסטע קרעפֿטען פֿון לאַנד, כל זמן אַ פֿרייעס רוסלאַנד איז געוועזען אַ חלום, וועגען וועלכען עס האָט קוים ווער געוואַגט צו פֿאַנטאַזירען. דאַן איז אַ פֿרייעס פוילען מעגליך געוועזען נור אַלס אַ זעלבסטשטענדיגע מלוכה, אַלס אַ'ן אונאָבהענגיגע פֿון רוסלאַנד, און אַ זעלבסטשטענדיגעס פוילען איז נויטיג געוועזען, כדי צו פֿערשמעלערען די מאַכט פֿון דעם צאַריזם און כדי צו שיטצען מערב-אייראָפּאַ פֿון זיין אָנפֿאַל און זיין איינפֿלוס, כדי צו מאַכען פֿאַר אונמעג-ליך די אויפֿריכטונג פֿון דעם „הייליגען אַליאַנס" *). דאָס זעלבע קען

---

*) דער הייליגער אַליאַנס, דאָס איז געוועזען אַ'ן אָבמאַך צווישען די מלכים פֿון רוסלאַנד, עסטרייך און פרייסען, וועלכען זיי האָבען געשלאָסען אין 1815 יאָהר מיט דעם צוועק אונטערצושטיצען די רעאַקציע אין גאַנץ אייראָפּאַ און מיט די פֿעראייניגטע קרעפֿטען צו דערשטיקען

מען אויך בכלל זאָגען וועגען קאַווקאַז. די אָבריייסונג פֿון קאַווקאַז פֿין
רוסלאַנד, ווי אויך די ערהאַלטונג פֿון טירקיי האָבען די דעמאָקראַטען
פֿון מערב-אייראָפּאַ ביז צום רעכטען סוף פֿון די 70-גער יאָהרען גע-
האַלטען פֿאַר אַ וויכטיגען מיטעל אויף אָבצושוואַכען דעם צאַריזם און
במילא אויך אויף צו פֿערשטאַרקען אומעטום די אינטערעסען פֿון דער
דעמאָקראַטיע.

אַלע דיזע טעמים ווערען בעזייטיגט דורך דער רוסישער רעוואָלו-
ציע, ווי באַלד נור זי וועט אָנשטאָט דעם אָבסאָלוטיזם איינפֿיהרען אַ
דעמאָקראַטישע אָרדנונג.

און וואָס פֿאַר אַ פֿאָרם עס זאָל זיך ענדליך ניט אויסדריקען די מלוכה-
רעכטליכע לאַגע פֿון די גרענצלענדער אין רוסלאַנד, וועט דערמיט דאָך פֿער-
ענטפֿערט ווערען נאָר אַ טייל פֿון זייערע נאַציאָנאַלע פֿראַגען; דער אַנדער
טייל קען אויף אַזאַ אופֿן ניט אָבגעשאַפֿט ווערען. צו קאַווקאַז וועט זיין גאָר אַ
זעלבסטשטענדיגע מלוכה, אָדער נאָר אַ פּראָווינץ פֿין די פֿעראייניגטע שטאַ-
אַטען פֿין רוסלאַנד, די לאַגע פֿון דער אַרמענישער נאַציאָן איז נאָך דערמיט
ניט בעשטימט. עס זיינען דאָ אין רוסלאַנד, אַזוי ווי אין עסטרייך,
קליין-אַזיען, באַלקאַנער האַלבאינזעל, גרויסע געגענדען, וועלכע עס
געהערען ניט צו איין בעזונדערער נאַציאָן, נאָר אין וועלכע די נאַציאָנען
וואָהנען זעהר אויסגעמישט צווישען אַנאַנדער און מען קען זיי ניט
טערריטאָריאַל אָבשיידען פֿין אַנאַנדער. דערפֿון קומען אַרויס אַזעלכע
נאַציאָנאַלע פֿראַגען, וועלכע אַ מערב-אייראָפּעאישער מענש קען ניט
בעגרייפֿען און וועלכע מען קען ניט פֿערענטפֿערען מיט די מיטלען פֿון
מערב-אייראָפּאַ. פֿערקעהרט איז, צ.ב., דער עסטרייכער זעהר גוט
בעהאַווען אין דיזע פֿראַגען, און מען האָט שוין טאַקי אין עסטרייך
שוין זייט אַ היבשער צייט פֿאָרגעלייגט אַ סך שכל'דיגע פּלענער, ווי
צונויפֿצופּאָרען די זעלבסטפֿערוואַלטונג פֿון די לענדער מיט דער זעלבסט-
פֿערוואַלטונג פֿון די איינצעלנע נאַציאָנען, און אין דער פּאַרטיי-אָרגאַ-
ניזאַציע פֿון דער עסטרייכישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע זיינען די ביידע
אַרטען פֿון אויטאָנאָמיע אויך פּראַקטיש פֿערווירקליכט.* די בורזשואַזע פּאַר-
טייען האָבען זיך פֿונדעסטוועגען ביז אַהער האַרטנעקיג איינגעשפּאַרט געגען
דער אידעע פֿון אויטאָנאָמיע פֿאַר די נאַציאָנען, ניט קוקענדיג אויף דעם,
וואָס עסטרייך פֿאַלט זעהר טיעף איבער די נאַציאָנאַלע מהלוקות, וואָס
קומען דאָרט פֿאָר. מיר זעהען אויך דאָ, אַז די גרעסטע שוועריקייט צו
פֿערענטפֿערען אַ געזעלשאַפֿטליכע פֿראַגע ליעגט אין די מאַכט-
פֿערהעלטניסען פֿון די קלאַסען, פּראַקטישע עוצות
וואָלט שוין קיין דאגה ניט זיין צו געפֿינען. ווען עס איז נאָר
דאָ אַ רצון, דאַן געפֿינט מען לייכט אַ וועג. איז פֿערקעהרט קיין
רצון ניטאָ צו דערגרייכען דעם ציעל, קען דער שענסטער וועג אויך
ניט העלפֿען.

די אויטאָנאָמיע פֿון די לענדער לאָזט זיך צונויפֿפּאָרען מיט דעם
גייסט פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט, ווייל יעדער נאַציאָן ווערט

---

יעדע פֿרייע בעוועגונג. צו דעם אָבמאַך זיינען צוגעשטאַנען דערנאָך
כמעט אַלע קיסרים פֿון אייראָפּאַ. דער איבערזעצער.

* אונזערע לעזער ווייסען מסתמא, אַז די עסטרייכישע סאָציאַל-
דעמאָקראַטיע איז אָרגאַניזירט אויף אַ פֿעדעראַטיווער גרונדלאַגע, און
יעדע נאַציאָנאַלע סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי (פּוילישע, טשעכישע,
דייטשע א. ז. וו.) בילדעט אַ זעלבסטשטענדיגען גליעד אין דיזער פֿעדע-
ראַציע. דער איבערז.

דורך דעם אָבגעשלאָסען פֿון די אַנדערע, ווערט דורך דעם אַ׳ן אָבגעזונדערטער אינדיווידואום. פֿערקעהרט איז עס געגען דעם עצם וועזען פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט, וועלכע עס איז געבויט אויף דער קאָנקורענץ, אויף דעם היפוך צווישען די פֿערשיעדענע פֿאָלקס שיכטען, אַז עס זאָלען לעבען פֿריעדליך צווישען זיך די נאַציאָנען, וואָס וואָהנען דורכגעמישט און קענען ניט אָבצוימען איינע פֿון די אַנדערע די קרייזען, וואו זיי ווירקען. אמת, די קאָנקורענץ רופֿט אַרויס פֿון צייט צו צייט אַזעלכע ערשיינונגען, וועלכע ווירקען געגען איהר. אַלע קלאַסען פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט סטאַרען זיך ביי געוויסע אומשטאַנדען — און וואָס ווייטער אַלץ אָפֿטער — אָבצושאַפֿען די קאָנקורענץ, וועלכע איז ביי געוויסע פֿערהעלטניסען פֿאַר יעדען פֿון זיי שעדליך; אָבער די פֿערמעגענדע קלאַסען ווייסען נאָר איין מיטעל געגען דער קאָנקורענץ: דעם מאָנאָפּאָל, פריווילעגיעס פֿאַר איינצעלנע קלאַסען, געגענדען, נאַציאָנען איף׳ן חשבון פֿון די אַנדערע. פֿון די מיטעלאַלטערליכע צעכען און שטאָדטישע שלאַגבוימען ביז צו די היינטיגע גרענעץ-אָבאָצהלונגען און קאַרטעלען ציהט זיך די זעלבע שטרעבונג אָבשאַפֿען די קאָנקורענץ דורך דעם מאָנאָפּאָל. דאָס בעדייטעט אָבער נאָר צו פֿערבייטען די היפכים, וועלכע די קאָנקורענץ רופֿט אַרויס, מיט נאָך שאַרפֿערע און דריקענדערע.

גאַנץ אַנדערס איידער די פֿערמעגענדע קלאַסען סטאַרעט זיך דער פראָלעטאַריאַט אָבצושאַפֿען אין זיינע רייהען די קאָנקורענץ און איהר שאָדען; ניט דורך מאָנאָפּאָל, נאָר דורך סאָלידאַריטעט. דעריבער האָט ער די מעגליכקייט בייצוקומען אין זיינע רייהען אַלע יענע היפוכים, וועלכע עס צערשפּאַלטען די בורזשואַזע וועלט אַלץ מעהרער און טיעפֿער, וואָס מעהר זי סטאַרעט זיך צו בעזייטיגען די קאָנקורענץ.

